טאַניע זיסמאַן

# לידער

## II

פּאַריז 1977

הילע פון **דוד גאַרפינקעל**

אילוסטרירט פון **א. מושקאַ**

אַ האַרציקן דאַנק די חשובע פריינד
יוסף שעכטער, נפתלי מילנער און
יהושע זיידמאַן פאַר זייערע באַמיאונגען
ביים דרוקן די דאָזיקע לידער־זאַמלונג

דאָס בוך איז דערשינען
מיט דער מיטהילף פון דער
בוך־קאָמיסיע ביים פאָנד סאָסיאַל.

**TANIA ZISMAN : POEMES**



IMPRIMERIE IM.PO.
65, RUE DU FG-ST-DENIS, 75010 PARIS

## דער געקוילעטער א — ב

— מען גייט אונדז קוילען!!! —
טוט אַ ווילד געשריי די א,
(זי האָט, די ערשטע, דערזען דעם חלף)

— מען הרגט דעם פּאָעט!!! —
שרייט די דערשטוינטע ב

אָן אויפהער רופט די ג
צום הימל;
קלאָגט די ד און די ה
— ווי איז אונדז ווי... —

די ו און די ז
שרייען, שרייען...
די ח און די ט
שלאָגן זיך על חטא.

די פרומע י
ביז אין דער לעצטער מינוט
לערנט תלמוד

— פאַר וואָס קומט אונדז די שטראָף? —
פרעגן די כ און די ך
ביי דער צעטומלטער ל;
נאָר זי איז אין אַ ביטערן מעמד;

די מ
איז אין גסיסה־קלעם;
די נ
זעט צום לעצטן מאָל די זון...

פרעגט אין אַנגסט דער ס ביי דער ע:
— וועט מען קומען אונדז באַפרייען? —

שטאַרבנדיק, הערן די פּ און די ף
דאָס גרוילעכע געשריי
פון דער צ און ק,
דעם שניידנדיקן רוף
פון דער ר,
— מען רייסט איר פלייש.

די דריי קעפּעלעך פון דער ש
זיינען אַראָפּ פונעם זין.

אַזוי האָט מען געמאַכט אַ סוף
צו אַלע אותיות —
פון א ביז ת.

# אל תשכח

אַ גלאַטע, מאַרמאָרענע מויער,
אַן אייזערנער, אַ שוואַרצער טויער,
הויך איבער אים צוויי ווערטער אויף דער וואַך:
אל תשכח

צווייזייטנדיקע טרעפּ
צום סקלעפּ
אַראָפּ אונדז פירן צווישן שטיינערדיקע ווענט
צום מאָנומענט.
אַ גרויער טרויער
אין טונקלקייט פון זאַל.
עס דוכט זיך, ס'שוועבן דאָ נשמות איבעראַל
דאָס זיינען שאָטנדלעך פון ווייסע פליגל
וואָס ציטערן דאָ אויף די ווענט פון ציגל;
און אפשר איז עס די פון ד'ר'ערד, פון ערגעץ קומענדיקע בלייכע שיין,
וואָס וואַרפט אַזאַ מין פחד, אַזאַ פּיין?

אַ שווערער אומעט כאַפּט ביים גאָרגל,
און וואַרגט, און שטיקט
ס'זאָל זיין מיין אייגן בלוט וואָס דריקט?
פון מגן־דוד — די זעקס פאַרשפּיצטע עקן
שרעקן,
כמעט דעם גאַנצן זאַל פאַרדעקן.

עס דוכט זיך אַז עס שפּילט אַן אָרגל
און אַז ס'איז זיין געדיכטער קלאַנג
וואָס הודיעט, ציט זיך לאַנג,
לאַנג
ווי אַ געוויין, ווי אַ געזאַנג,
אַ הימלישע סימפאָניע אַ שטילע,
אַ תפילה,
וואָס האָט געשאַפן באַך
— אל תשכח

## דיכטער - ליכטער

(צו די אומגעקומענע)

ווי בלייך עס זעען אויס די אַלע רייד,
ווי קליין אַנטקעגן אָפּגרונט פונעם צאָרן!
די ווייטיק ברענט, ווי ס׳ברענט דער אייביק־ברענענדיקער דאָרן...

ווי האָבן זיי געקאָנט אין צוגעזאָגטן גליק
דערקענען ס׳מעסער וואָס עס גייט זיי שטעכן?
דערשפּירן ס׳שרייענדיק־גזלנישע פאַרברעכן?

מען האָט אַריינגענאַרט זיי אין צעגילטן שטויב,
ס׳האָט זיי געפירט צום גליק דער גאָלדענער קאַיאָר —
און אויפן וועג פאַרשלעפּט אין שפּינוועבס נאָר.

און אָט אַזוי, דערשטאָכענע זיי ליגן...
ווו ליגן זיי? צי ווייסט דען ווער דאָס פּלאַץ?
מען האָט פאַרניכטעט זיי פאַר זייער שיינענדיקן זאַץ.

די גאַנצע שולד איז דאָך דאָס גליענדיקע וואָרט,
וואָס יידיש־קלאָר זיי האָבן ליב געהאַט צו זאָגן:
די לויטערקייט פון קוואַל מען האָט געוואָלט דערשלאָגן.

די ווערטער זייערע — זיי וועלן אייביק קלאָגן,
אַריבער שרייען אַלע פאַלשע כאָרן —
ווייל דיכטער־ליכטער זיינען דאָרטן אומגעבראַכט געוואָרן.

1972

## האָבן הימלען זיך געשפּאָלטן?

האָבן הימלען זיך געשפּאָלטן?
האָבן אויפגעקאָכט די ימען?
האָט פאַרטונקלט זיך די זון
און די שטערן אויסגעלאָשן?!

אפשר זיינען ווילדע חיות
שוין אַנטלאָפן פון די וועלדער,
און זיי טרעטן אויף די פליגלען
פון אומשולדיקע מלאכים?

און עס וויינען קליינע קינדער
אויף דער גאַנצער ערד צעשפּרייטע,
ווייל זיי זייגן גיפט און בלוט?
אפשר יוגנט קאָן נישט לאַכן?

און די בלומען מער נישט וואַקסן?
און די פּירות אויף דיביימער
וועלן קיינמאָל רייף נישט ווערן,
וועלן פוילן פאַר דער צייט?...

ווייל עס זיינען אומגעקומען
מיליאָנען מיינע ברידער?
אומגעקומען לייב און לעבן,
זיי — מיט זייערע דור־דורות...

אפשר פליען נאָך די אַשן
אין די ווייטע הימל־רוימען?
אפשר וויינען די נשמות
פון די אומגעבּרענגטע קינדער,
פון נישט אויסגעלעבטע לעבנס,
פון פאַרשניטענע משפחות?

אפשר שפּאַלטן זיך די הימלען
פון מיליאָניקן געשריי?!
פון געשריי פון פאָלק ישראל?

ניין, דאָס שרייען נאָר די ווינטן
אין די קאַלטע אָסיען־נעכט;
און עס גייען, גייען יידן
אויפן יידישן בית־עולם
צו באַוויינען די קדושים.

אל מלא רחמים

פּאַריז 1962

## בייזע כוחות

פון אַוועלכע אונטערגרונטן
קומען בייזע כוחות ?
פליען מיט די ווייכער־ווינטן
איבער ערד און ים ? !

פון אַוועלכע טיפֿע זומפּן
קומען בלינדע נעפּלען ?
ברייט צעוואָרפֿן אויף דער פֿלאַך
וואַקסן דאָרטן וואַסערבלומען,
פֿאַלשע ליכטעלעך דאָרט בלאָנדזשען
צווישן בלייכע נעניופֿאַרן,
פֿאַלשע פֿייערלעך וואָס שמייכלען,
וואָס פֿאַרפֿירן,
וואָס פֿאַרנאַרן,
וואָס פֿאַרשלעפּן מיט חניפֿה
אינעם זומפּ.

אין אַוועלכע גראָע וועלדער,
אונטער אַלט־פֿאַרפֿוילטעביימער
וואַקסט דער טויטן־שוואָם ?
אַלץ אַרום איז בלייך געוואָרן,
אַלץ אַרום איז אויסגעשטאָרבן
פֿונעם סם.

צווישן פעלדזן אין די היילן
זיצן אַלטע שוואַרצע שדים
וואָס צעשיידן,
וואָס צעטיילן,
וואָס פאַרזייען,
וואָס צעווייען
שפּאָט און פיינדשאַפט
און רציחה.

אין גיהנום פון ווולקאַנען
פלאַמיקע פאַנטאַנען
באַרג אַראָפּ די לאַווע גיסן
וואָס פאַרפלייצן,
וואָס פאַרפליסן
דראָענדיקע פונקען פליען
אַלץ פאַרברענען,
אַלץ דערשטיקן
אַרום זיך.

נישט פון וויטע אונטערגרונטן —
פון אַ נאָענטן גיהנום ,
קומען ברוינע מערדער —
נאַציס,
וואָס צעגיסן פייער־לאַווע
איבער ערד און איבער ימען,
וואָס דערשטיקן,
וואָס פאַרברענען,
קאַלט און רואיק שפּרייטן
שפּאָט און האַס ;
וואָס צעשיידן, וואָס פאַרשעמען
וואָס פאַרזייען
סם און טויט.

נישט דערשרעקט זיך,
נישט באַהאַלט די קליינע קינדער,
נאָר וואָס שנעלער,
מיטן וואָרצל
רייסט אַרויס דעם נאַצי־שוואָם !

פּאַריז 1966

## אויגן שרייען

קענט איר זאָגן, אויגן טיפע,
וואָס האָט איר געזען?
— טראָפּנס האָב געזען איך טריפן,
בלוט עס איז געווען... —

אָ, דערציילט מיר, אויגן־לעכער,
ווער האָט אייך געטייט?
— בלינד געמאַכט מיך דער פאַרברעכער
נאָך פון קליינערהייט! —

ווילט איר זאָגן, אויגן־זומפן,
וואָס איר האָט באַמערקט?
— גופים נאַקעטע פאַרשרומפן
און הרוגים בערג.

זאָגט, פאַרוואָס, אָ, אויגן טריבע,
קוקט איר אין דער הויך?
— ס'איז אַוועק פון מיר מיין ליבע
מיטן שוואַרצן רויך

זאָגט מיר, אויגן, פונקען שוואַרצע,
ווער האָט אייך געשענדט?
— אַלע די וואָס מיר צום האַרצן
האָט מען דאָרט פאַרברענט!

אַך, פאַרוואָס, אָ, אויגן־ימען,
רינט די טרער און רינט?
— אייביק וויינט און וויינט אַ מאַמע
וואָס פאַרלירט איר קינד.

קוקט צו מיר, אָ, אויגן בלויע,
האָט איר אַ באַגער?
כ'האָב געזען אַזוי פיל טרויער
אַז איך גלוסט נישט מער...

## דער שייטער

כ׳האָב געחלומט פון אַ שייטער
— „ס׳איז צום גוטן״ — פלעגט די מאַמע זאָגן.
מערדער האָבן דאָרט ביים פייער
קינדערלעך געשלאָגן

כ׳האָב געקוקט אַרום דערשראָקן
ווי ס׳צעלויפן זיך די פּיצלעך קינדער,
ווי עס כאַפּן זיי די שדים,
בייזע שייטער־צינדער.

און מען מאַטערט זיי, מען ברענט זיי,
און מען שליידערט זיי אין פייער,
איינס נאָך ס׳אַנדערע און ווידער
קינדערלעך אַ רייע.

כ׳האָב געוואָרפֿן זיך, געשריען,
אויפֿגעוואַכט פֿון שלאָף אין אַנגסטן קאַלטע;
שפּעטער האָט דער זעלבער חלום
ווידער אָנגעהאַלטן.

כ׳זע — אין פֿליענדיקע קינדער,
ווי אין פֿייגל, שיסן די וואַנדאַלן;
די געטראָפֿענע, דערהרגעט
גלייך אין פֿייער פֿאַלן.

כ׳האָב געזען דאָקטוירים ווייסע —
שעפֿער, פֿאָרשער, לערער, פֿירער, לייטער
האָבן קינדערלעך געשניטן
און פֿאַרברענט אין שייטער

איינער האָט געזאָגט, באַגייסטערט:
— אָ, ווי שיין, ווי שיין עס איז דאָס פֿייער! —
און פֿאַררויכערט ביי די פֿלאַמען
פֿריילעך זיין ציגייער.

— אַך, ווי וואַגט איר ברענען קינדער?! —
האָב איך זיך גענומען וואָרפֿן, זידן;
האָבן אַלע זיך צעשמייכלט:
— זעסט נישט? ס׳איז דאָך יידן! —

— איז עס וואָר, צי איז עס חלום?
האָב געקוקט איך צו די ווייטע שטערן;
נישט געפֿילט ווי ס׳רינען, רינען
מיינע הייסע טרערן...

# אַ מינוט שטילשווייגן

(פאַר פרץ מאַרקישן)

אַ קול שרייט אויס — שטייט אויף און שווייגט! —
שטייט איין מינוט און טראַכט פון די מאַרטירן!
און הערט זיך צו ווי ס׳שטילקייט שטייגט
פאַרפלייצט די ווינקלען, קלאַפּט אין אַלע טירן!

אין שטילקייט הערט מען בעסער דאָס געשריי...
ווי לאַנג עס ציט זיך אַ מינוט אַ גאַנצע.
ווי נישטיק־קורץ, ווי קליין זי איז פאַר זיי,
די אומגעקומענע אָן בלומען און אָן קראַנצן.

איר שטייט, איר שווייגט... ווי פיינלעך ס׳ציט צו ד׳ר׳ערד
שטילשווייגן אַ מינוט — עס דויערט, דויערט...
ס׳איז נאָר אַ קוק צוריק, אַ שנעל דערשטיקטע טרער
אָט־די מינוט וואָס לאַנגזאַם רינט אין טרויער.

אין טויטן קלאַנג פון גרויזאַמען געוויין
טראָמפּייטן־העלדזער גרויליק שאַלן
נאָר איין מינוט! שטילשווייגן אַ מינוט און שטיין
און טראַכטן וועגן יענע וואָס געפאַלן

נאָוועמבער 1965

## דער צלם

ס׳צעשפּאַלט די לופט אַ הויכער שוואַרצער צלם,
שניידט
אין דער לענג און אין דער ברייט
דעם זוניקן אַרום.
יעזוס קוקט צו מיר אַראָפּ
און פרעגט מיט פּיין:

— וואָס האָבן זיי געמאַכט פון מיינע ליידן?
ווו איז מחילה, ווו איז ליבשאַפט?
דער צלם האָט פאַרטונקלט און פאַרוויסט
דאָס לעבן פון מיין פאָלק... —

דער טרויער לאַנגזאַם טריפט אַראָפּ
פון די צעשפּרייטע הענט,
פאַרשטעלט, האַקט אָפּ
די שפּעדיקע פרייד פון פעלד געראָטן;
דער צלם מיט זיין לאַנגן שאָטן
צעלייגט זיך אויף די ווייצן
און שויך, — דאָס גאַנצע פעלד פאַרפלייצן
צלמים!
נישט קיין זאַנגען מער, נאָר צלמים

אין דער לענג און אין דער ברייט
און רעכטס, און לינקס, און סקאָס.
פול ביז צום ברעג דער טרערן־כוס!
אַ פעלד מיט צלמים
און אונטער יעדן צלם
אַ סאָלדאַט.
אַ פעלד מיט קברים אומגעהייער

איך שטיי איך קוק און טראַכט פון קברים אַנדערע,
פון גריבער אומבאַוווסטע
אויף פעלדער פוסטע,
פון גריבער־קברים יידישע, געשענדטע
ווו נאַקעטע, דערשטיקטע און פאַרברענטע
מען האָט אַריינגעוואָרפן מיינע שוועסטער, מיינע ברידער
און קינדער, קינדער קליינינקע...

נישטאָ קיין סימן דאָרט די קברים צו דערקענען,
נישטאָ קיין פאַקל, וואָס זאָל אייביק ברענען,
און נישט מוזיק דאָרט שפּילט אַ טרויער־ניגון;
נאָר גראָזן ווילדע שטילערהייט זיך וויגן
ווען ס׳פליט דער ווינט און שרייט זיין ליד אין פעלד, —
באַוויינט דעם יידישן, דעם אומדערקענטן העלד.

פּאַריז 1968

# דער יידישער וואַלס

דאַרף מען דען לעבן נאָר מיט די ליידן?
צרות, פורעניות, גזירות אויף יידן?...
קאָן מען נישט זינגען פשוט, באַשיידן
פריילעכע לידער פון ליבע און פרידן?

מוז מען שוין אייביק געדענקען דעם צאָרן?
יאוש פון צוקונפט און צער וואָס פאַריבער?
זיינען מיר טאַקע פאַרשאָלטן געוואָרן —
ציטערן שטענדיק פון גרויזאַמען פיבער?

ווישט אָפּ די טרערן, וויינט נישט אַ רגע,
האָט נישט קיין מורא פאַר עפּעס וואָס פריילעך,
קערעוועט אויס אייך צו אַנדערע וועגן,
עפנט די אויגן פאַמעלעך, פאַמעלעך...

אַנדערשוו, ערגעץ, פידלען דאָך שפּילן!...
לאָזט מיטן ריטעם פון לעבן אייך פירן,
גיט אייך די הענט און מיט צוטרוי־געפילן
נעמט אייך אַרום צום וואַלסירן, וואַלסירן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווילן מיר טאַנצן — נאָר תיכף, פאַרבלאַסטע,
קומען אָן שאָטנס, הרוגים פאַרגאַזטע...
בלייבן מיר שטיין אינעם טאַנץ שוין פאַרפרעמדטע,
הערן ווי ס'טריפן די הערצער פאַרקלעמטע.

פאַריז 1968



ס׳הענגט אויף מיר אַ שווערע קייט
איך בין צוגעקאָוועט

ס׳ליגט אויף מיר אַ שווערער שטיין
אַט אַזוי בין איך געכאָוועט

ווען כ׳בין נאָך אַ קינד געווען
האָב איך שוין דעם שטיין געפילט
און ווען איך בין נאָר געבוירן
האָט די קייט מיך איינגעהילט.

וועט די קייט מיך אָן אַן אויפהער
אַלע מיינע יאָרן האַלטן ?
וועל איך טאַקע קיין מאָל, קיין מאָל
מיינע שטיינער נישט צעשפּאַלטן ? !...

1943



ווי קאָנסטו אַזוי לעבן ?
האָט דאָס לעבן דען אַ ווערט,
ווען דער כבוד איז פאַרשפּיגן
און דערווילן איז געשטערט ?
האָט דאָס לעבן דען אַ ווערט ?

אַך, ווי קאָנסטו אַזוי לעבן ?
האָט דאָס לעבן דען אַ חן.
אַז אויף דיר ווי אויף אַ קבר
ליגט און דריקט אַ שווערער שטיין ?
האָט דאָס לעבן דען אַ חן ?
פאַר וואָס ווילסטו אַזוי לעבן ?

1944

## די אַטאָם - באָמבע

דער מאָנסטרועזער שוואָם
— אַן אַמאַלגאַם פון סם —
וויל מאַכן סתם
אַ סוף צו אַלעמען וואָס לעבט
— וואָס גייט, וואָס קריכט, וואָס שווימט, וואָס שוועבט —
די גאַנצע וועלט
— דעם פּחדן און דעם העלד,
און אַלע שיכטן — פאַרניכטן!

דעם שוואַכן, דעם אַטלעט,
דעם אַרבעטער, דעם סוחר, דעם פּאָעט;
זיין שאַפן, זיינע ווערק;

דעם וואַלד, די הויכע בערג,
דאָס גרינע פעלד צעפּלעטשן,
דעם ערד־קיילעך צעקוועטשן;
דעם ווילן און דעם גלוסט;
דאָס וויג־קינד ביי דער ברוסט,
די עלטער און די יוגנטלעכע דרייסט
דעם קינסטלער און זיין גייסט.

קיין קלאַנגען, קיין געלעכטער — אַלץ אַרום —
שטום
פון ליליע, פון רויז —
אויס
מיט גאַנץ־טויט דעם דינעם ריח פאַרבלאָזן,

פאַרברענען אַלע גראָזן
און אַלע ווייסע מאַרגאַריטקעלעך אויף זיי,
די שמעקנדיקע סטויגן היי,
און די בהמות און די חיות,
די שרייענדיקע פייגל־סטייעס...
אַלץ וועט אַריינפאַלן אין קאָכנדיקן ים
פון גיפט און פלאַם!

אַלץ וועט פאַרשרפעט און צעשמעטערט ווערן,
אויב קיינער וועט ניט שטערן.

פּאַריז 1957

## אָ, קוויק דיך נישט

אָ, קוויק דיך נישט, מיין פאָלק, מיט דיינעליידן
שטיל איין, שטעל אָפּ דאָס נאַקעטע געוויין,
ס'וועט קיינמאָל מער פון דעם צעוואָרפענעם געביין
פון דיינע זין, וואָס האָסט געלאָזט פאַרשניידן,

נישט אויפשטיין שוין קיין בליענדיקע צווייג;
דעק צו דיין האַרבע וווּנד מיט דינסטע זיידן,
און קוק נישט מער אויף איר; נאָר פעסט, אַנטשיידן
פאַרבייל די פויסט — און וועגן ווייטיק — שווייג!

געדענק, אַז העכער ווערט כסדר דער וואָסליידט;
און אַז דעם גרעסטן צער פאַרהיילט די צייט,
— אויך דיין דערשטיקטן ווי וועט אפשר זי פאַרגלעטן;

נאָר ווילסטו אַז דיין כבוד זאָל דערוואַכן
און דיינע קינדער זאָלן קאָנען לאַכן
באַדאַרפסטו קיינמאָל מער נישט לאָזן אויף זיך טרעטן.

פאַריז 1963

## ערשטער מיי

בלומען־גלעקעלעך פון מיי
ווייסע זיך צעקלונגען
רופן, וועקן ערשטן מיי
איז זיי גלייך געלונגען
קומט ער קומט דער ערשטער מיי
קומט אַ נייער אָטעם פריי

שטענדיק כ׳בין געווען געטריי
דעם געבענטשטן ערשטן מיי
מיט זיין פרישקייט און באַניי
מיט זיין צוזאָג — לעבן פריי
און געהערט אַ קול דערביי
עם ישראל חי

איך געדענק ווי ריי נאָך ריי
זיינען מיר געגאַנגען פריי
אין דער האַנט דאָס גלעקל־מיי
מ׳האָט געשלאָגן אונדז דערביי
אָבער ס׳איז געווען כדאַי
ווייל עס האָט געלעבט דער גלויבן
אַז מען וועט אונדז ניט צורויבן
אונדזער ערשטן מיי

גיי אין גאַס
און ווידער שריי
לעבן זאָל דער ערשטער מיי

וויינט ניט קינדער הלמאַי
אונדזער טרוים פון ערשטן מיי
איז געוואָרן שווער ווי בליי
וויינט ניט, וויינט ניט הלמאַי
ס׳גייט אַוועק דער מאָנאָט מיי
מיטן לעבן וואָס פאַרביי

מיינט ניט ס׳וועט שוין סיי ווי סיי
גאָרנישט זיין דעם ערשטן מיי.
ס׳וועט די זון איר גאָלד אַנטבלויזן
און עס וועלן וואַקסן רויזן
ווען ס׳וועט קומען מאָנאָט מיי
הלוואַי.

פאַריז, דעם 30־טן אַפּריל 1968

# אין פיר ווענט

איר ווייסט נישט אַז אין דרויסן טאָגט!
פֿאַרשפּאַרט אין אייערע פיר ווענט,
אַרומגערינגלטע מיט שטיינער און צעמענט,
איר שמאַכט אין אייערע פיר ווענט.

איר הערט נישט ווי די שוועלבעלעך שוין צוויטשערן — גוט מאָרגן! —
אין אַייערע פיר ווענט איר מיינט אַז ס'איז נאָך פינצטער,
דערשטיקט, אָן האָפענונג אַ מינדסטער
איר לעבט כסדר אין דער פינצטער.

איר זעט נישט אַז ס'האָט אָנגעטאָן זיין פייערקרוין דער האָריזאָנט
אין אייערע פיר ווענט איר זענט פֿאַרפּלייצט מיט זאָרגן,
איר ראַנגלט זיך, דערוואָרגן,
אין קליינע, פּלאַכע זאָרגן.

איר ווייסט נישט אַז אין דרויסן איז שוין ליכטיק,
איר פילט נישט פון דער זון די הייסע שטראַלן!
איר מיינט אַז אַלץ איז שוין פֿאַרפֿאַלן;
אַ, קומט אַרויס אין דרויסן צו די שטראַלן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין מיינע אייגענע פיר ווענט איך האָב אַזוי, געלעכצט נאָך ליכט!...
צי האָב געקאָנט איך טראַכטן — ס'איז אַ ליגן?! —
עס טאָגט! — עס טאָגט! — האָב איך געשריגן...
אָ, וויי צו אונדז... עס איז אַ ליגן...

מאַרץ 1970

## ביי דער טיר

געווידמעט רייע רובין, פאַרברענט אין אוישוויץ

אין אַ בייזן מאָנטאָג ערב פסח
האָב איך דיך געזען צום לעצטן מאָל
ווי אַ קבר־שטיין אַ שווערער
איז געווען ביי אַלעמען דאָס האַרץ
און שוואַרץ
דער מאָרגן און דער היינט
אומעטום דער מיאוסער פּרצוף פונעם פיינט
באַהעלטעניש און פּחד
כאַפּעניש און אַנגסטן אין דער לופט

ביסט געקומען און דו האָסט זיך שוין געאײַלט
— „מען וואַרט אויף מיר” —
מיר האָבן זיך געזעגנט ביי דער טיר

מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט —
איך וועל דיך מער נישט זען
און ס׳האָט זיך מיר געגלוסט
דיר זאָגן עפּעס זיס,
אַ ליבשאַפט־וואָרט וואָס בלייבט אויף אייביק
יאָ, די אייביקייט האָב איך דערפילט דערנעבן
איך האָב געוווסט — דאָס לעבן
וועט זיך ענדיקן פאַר דיר
מיר האָבן זיך געזעגנט ביי דער טיר.

פּאַריז, 5 אויגוסט 1964

# צי בין איך שוין די לעצטע זייל?

צי בין איך שוין די לעצטע זייל אין לעצטן דור?
דערפֿאַר איז גרויס אַזוי די פּיין אין חורבן שווערן?
און שטאַרק אַזוי די מורא צו צעשטערן
די גאַנצקייט פֿון נאָך־יידיש־רעדנדיקן כאָר?

אין הימל צווישן אַנדערע נאָך ברענט מיין שטערן,
נאָך גיסט אַ בלויע שיין, נאָך פֿינקלט, ציטערט, ...נאָר,
מיר דוכט, איך בין די לעצטע זייל אין אָט־דעם דור
וואָס וואַרט, פּאַסיוו, עס זאָל די שיין פֿאַרלאָשן ווערן.

איך שרייב מיין ליד און יעדן זילב איך צערטל,
און יעדעס וואָרט איך טייל אויף האַלב און אויף אַ פֿערטל,
איך צייל די שורות, כ'זוך און היט דעם גראַם,

און אַלץ איך טו, ווי גלייך מען וואָלט נאָך לאַנג
זיך צוגעהערט צו מיין פֿאַרשפּעטיקטן געזאַנג
וואָס קלינגט נאָך שטיל, וואָס קלינגט נאָך סתם.

פּאַריז 1963

## די מעטראָ

פייער־שלאַנג
קלונג און דראַנג
טויזנט פערד
אונטער דר׳ערד.
פערדן־קראַפט
מענטשן־זאַפט
פונקען־שפּריץ
שנעלקייט־בליץ
שטופּ און שטויס
קומט אַרויס
פון טונעל.

בלענדעט העל
שיינט די שטאָט
קלאַפּט די ראָד
פליט די בריק
אויגנבליק
וואַסער פלעק
שוין אַוועק
און צוריק.
אונטער דר׳ערד
הייסער ווערט.
פלוצים סטאָפּ
שטעלט זיך אָפּ.
שטופּט זיך שוין
דער המון,
אין דער שעה
שוין נישטאָ
ווו אַריין.
קומען דאָך

נאָך און נאָך
מער און מער
אָטעם שווער.

פון גאַנץ פּרי
צו דער מי
טרייבט די נויט
נאָר פאַר ברויט.

יעדן טאָג
צו דער פּלאָג
אין פאַבריק
אויפן שטיק
רופט אַהין
די מאַשין.
אויף דער שעה
יעדער דאָ
האָט פאַרקויפט
זיינע הענט
אויפן טאָג
אין פיר ווענט.

וויגט די ראָד
לויפט די שטאָט
לאַכט די סען
זונען־ברען
שנעלקייט־שווונג
אייזן־קלונג.

אויף דער נאַכט
מיד פאַרשמאַכט
פון פאַבריק
פאָרט צוריק
ווידער שוין
דער המון.

לאָמפּן־שיין
פאַלט אַריין
אין דער סען
פונקען־ברען
בריקן־גלאַנץ
שטיבער־טאַנץ,
לעבט פאַריז.
אייפעל־ריז
טוט אַ ווונק —
שוין נישטאָ
— — — — —

טוט אַ זינק
די מעטראָ
אונטער דר׳ערד.
טויזנט פערד
אין גאַלאָפּ
נאָך אַ סטאָפּ.
— — — — — —

דער טונעל
שנעל, שנעל, שנעל
זינגט אַ ליד:
איך בין מיד,
איך בין מיד,
איך בין מיד.

פאַריז 1961

## פּאַריז

פליט די באַן
יאָגט די ערד
וואָס אַ פלי
נענטער ווערט
צו פּאַריז

מערב שיינט
נאָך דערווייל
בלייבט נישט מער
צוויי־דריי מייל
ביז פּאַריז

מערב ברענט
צאַנקט דער טאָג
אָוונט ווערט
זיין דער צוג
אין פּאַריז

פליט די באַן
איילט די ראָד
אָטעמט שוין
רעשט די שטאָט
כ'הער פּאַריז

פריילעך ווערט
מיר דערפון
און איך זע
ס'לויפט די זון
קיין פּאַריז

אין דער נאַכט
דאָרטביים ראַנד
פייער, גאָלד
און בריליאַנט
ס'איז פּאַריז

שטייט דער צוג
שרייט דער דאַמף
ס'לעבן וואַרט
רופט דער קאַמף
אין פּאַריז

1962

## פלאַץ קאָנקאָרד

קאָן מען דענקען וועגן לאַגערן פון מאָרד
ווען מען קומט אויף פלאַץ קאָנקאָרד ?
קאָן מען הערן דאָס געוויין דאָ ?
אַלץ איז אַזוי שיין דאָ...

צווישן אָט־די ליכטער־שטערן,
זילבער־לאַמטערן,
באַנדן גירלאַנדן,
פון זונען־נעאָן
ווי קאָן מען באַנעמען דעם שווערן אמת ?
דעם גרויל פון זעקס מיליאָן קרבנות ?

צווישן טויזנט לבנות,
אָפּאַלן, קריסטאַלן
סאַפּירן וואָס צירן
דעם פלאַץ קאָנקאָרד,
קאָן מען דאָ, אין אָט־דעם יום־טובדיקן תענוג
גלויבן אַז ס׳איז מעגלעך אוישוויץ און מאַידאַנעק ? !

דאָ — אויף פלאַס דע לאַ קאָנקאָרד
— בונד פון הערצער און פון ווילן —
איז שווערער נאָך דעם ווייטיק שטילן.
און דאָך, און דאָך...

אויף פלאַץ קאָנקאָרד
אין כישוף־אַקאָרד
פון בלויע פלייטן
בלומען בייטן,
קוואַלן שטראַלן
— כ׳פאַרגעס אַז לעבן איז מיט טויט געפלאָכטן,

אַז נאַציס האָבן מיין משפּחה אויסגעשאָכטן,
און אַז אַרום איז אומרו, קאַמף און בלוט...

דאָ די שכינה רוט
פון קרעלנדיקער ליכט,
פון קוועלנדיקער ציכט,
פון פריילעכן געוויג,
פון שוועבנדיקן גליק
פלעיאַדן קאַסקאַדן
געזאַנג פון פאָנטאַנען...

די וועלט האָט גענומען איר שיינקייט פון דאַנען,
די וועלט האָט גערופן איר פרייהייט פון דאַנען,
פון פּלאַץ קאָנקאָרד,
פון „פּלאַס דע לאַ רעוואָלוסיאָן״! *
דאָ איז געפאַלן סען־זשיסט און דאַנטאָן,
דאָ האָט דער תלין געקעפּט ראָבעספּיערן...

פון יעדן טראָפּן בלוט — אַ שטערן,
פון יעדער טרער אַ דימענטענער פונק
וואָס האָט קאַיאָרן פייערדיקע אָנגעצונדן
אין אַלע עקן וועלט
און ס׳העלט און ס׳העלט
דאָס נייע וואָרט
וואָס קומט פון פּלאַץ קאָנקאָרד

פּאַריז 1968

---

* אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, האָט מען דעם פּלאַץ קאָנקאָרד
אַ נאָמען געגעבן „פּלאַס דע לאַ רעוואָלוסיאָן״.

## קע דע מעזשיסערי אין פּאַריז

מיט פייערראויגן טויזנט פּאָר
פיבערט די גאַס.
מיט קאָסמישן שטורעם
לויפט אויף מיר די גאַס
איר טראָט
באַדראָט
זי וויל מיך צעטרעטן

געוווי פון מאָטאָרן,
טאַנץ־מעטעאָרן
איילן אין צאָרן,
אָן ענדע פאַרבלענדן,
דריקן, שטיקן
מיט גאַז און פּעטראָל.
ווי צו דעם וואָס גייט צו פוס!

זיי קומען, זיי קומען
פון אַלע אַרומען
אויטאָס, קאַמיאָנען
— לעגיאָנען!
וויפל וועגענער
אין איין רגע נאָר
פליען אַרויס,
שיטן זיך אויס,
מיט בייסיקן כעס
אַטאַקירן די גאַס.

דרייען זיך רעדער
כסדר, כסדר
אין ווילדן גאַלאָפּ,
שנעלער, שנעלער
פלאַמיקע קרעלן
קאַליידאָסקאָפּ
מיט בייזן געפילדער
מכשפות ווילדע
אויף בעזעמער רייטן.
אין בליץ פון די צייטן
דער היינט וויל דעם מאָרגן פאַרבייטן,
יאָגט אים איבער,
קייקלט פאָריבער,
פאַרשווינדט אין די ווייטן,
קרעכצן די שטיינער...

— — — — — — — — — — — —

די נאַכט, די שיינע
זעט נישט קיינער.
באַליידיקט, טרעט זי אָפּ,
גייט לאַנגזאַם אַראָפּ
באַדעקט די שטיינערנע
נאַקעטע טרעפּ
מיט די שוואַרצע צעפלאָכטענע צעפּ.

זי גייט צו דער סען,
זי גיסט אין איר אַריין אירע טרערן,
פון ברעג צו ברעג,
קוקט ווי זיי רינען
רינען אַוועק
שטיל־ל־ל...

פּאַריז, מיי 1967

## אין פּאַרק מאָנסורי

ווי נאָר איך קום אַריין אין פּאַרק
מיין מלאך קומט מיר אַן אַנטקעגן
ס׳צעשמייכלט זיך דער גרינער באַרג
די זון איז נאָר פון מיינעטוועגן

די ברייטע שאָטנס וואָס אויף ד׳ר׳ערד
צעטיילן פלעקן שיין אין צווישנס,
דאָס קול פון פויגל־שפּיל איך הער
מיט קינדערישן גליק זיך מישן.

מיין יונגער מלאך מיך באַגלייט
און זינגט מיר זיינע סטראָפן זיסע,
די ביימער פלאַטערן פאַר פרייד
און מיט די צווייגן אונדז באַגריסן;

איך טרינק די ווערטער וואָס ער זאָגט
עס איז ווי האָניק אויפן גומען...
— — — — — — — — — — — — — —
נאָר ס׳וועקט מיך אויף — אין פענצטער טאָגט
— עס איז אַ ליד צו מיר געקומען...

פּאַריז 1970

# בולוואַר זשורדאַן

רוישט, רוישט בולוואַר זשורדאַן
ווי פון ווייטן דער אָקעאַן,
כ'הער פון דאַנען זיין קאָסמישן שפּאַן
שטיל, מיין האַרץ, שטיל...

זשומעט, הודיעט די גרויסע שטאָט,
שנעל, שנעלער דרייט זיך די ראָד;
רואיק גרינט מיין קליינער סאָד
שטיל, מיין האַרץ שטיל

שרייט זיין ליד דער ברייטער בולוואַר,
צאַנקען ביימערביים טראָטואַר,
מידע בלעטער הענגען שטאַר.
שטיל, מיין האַרץ שטיל

ביי טאָג, ביי נאַכט רודערט די מיל,
קעניגט דער קעניג אַוטאָמאָביל
איילט זיך פאָרויס, יאָגט צום ציל,
שטיל, מיין האַרץ שטיל

פינקלט בולוואַר זשורדאַן אין דער נאַכט,
בלויע פּראָזשעקטאָרס שניידן זיין פּראַכט.
כ'הער זיך צו צו מיין ליד וואָס וואַכט —
שפּיל, מיין האַרץ, שפּיל!

פּאַריז, 30 דעצעמבער 1961

# טויזנטער פלאַמען

טויזנטער פלאַמען
טאַנצן צוזאַמען
ביינאַכט אין דער סען
בלויע סאַפירן
צערטלעך באַרירן
אין פלאַטער און ברען
הוידלט די בריק
בלוילעכע וויג
אירע לאַמטערנס
רופן צו זיי
אין ברייטן פאַרזיי
די ווייטע שטערן

דאָס וואַסער צעטיילן
מיט גילדענע זיילן
די ליכטער פון בריק
אין כוואַליע־געשפּליטער
זיי ליגן אין ציטער
און קוקן צוריק
זילבערנע וועלן
קייקלען ווי קרעלן
צעשיטן זיך גלייך
אַ שיכורע שטיי איך
כ׳בין שיכור פון ריח
פון מעכטיקן טייך

טויזנטער פלאַמען
פינקלען צוזאַמען
לעשן זיך אויס
שוואַרצע תהומען
רואיקע שטראָמען
רינען פאָרויס
רינט די סען
אין פריידיקן ברען
פון טאַנץ און חן
רינט די צייט
אַלץ אַרום שרייט
פאַריז ביסט שיין!

פאַריז 1963

## היינט

היינט האָט די זון צום ערשטן מאָל געשיינט
ווי זי דאַרף שיינען אין מאַנאַט מיי.
דאָס גרינס געוואָרן פּלוצעם גלאַנצנדיק און ניי
דער הימל ווייט און בלוי,
און דורכזיכטיק אַזוי...
די לופט ווי סאַמעט ווייך און צאַרט
מיין האַרץ אויף עפּעס האָט געוואַרט

די שטאָט משוגענערווייז אויסגעפּוצט און שיין
ווי ס׳קאָן נאָר זיין פּאַריז אַליין
מיט זיינע בלומען, מאָנומענטן און אַנטיקן,
ווו איינס צו ס׳אַנדערע — „גוט מאָרגן״ — שרייען זיך די בריקן,
ווו ס׳פינקלען ווי אַ רינג אַרום פּאַריז
די וואַסערן פון סענע ווי בריליאַנטן,
און ווינקען צו דעם אַלטן פריינט באַקאַנטן
פּירפּיסיק־שטאָלצן ריז

נאָך אַ פרילינג אין דער לופט
זאָגט עפּעס צו און ערגעץ רופט...

פּאַריז 1958

## דער בלויער ברעג

ווי בלוי, ווי בלוי דער בלויער ברעג
עס גלוסט זיך נישט צו טאָן אַ טראַכט אפילו...
נאָר וויגן זיך אין קילקייט פון די כוואַליעס שטילע,
נאָר קוקן ווי די זון געזעגנט זיך און גייט אַוועק
נאָר הערן פונעם נאָדל־וואַלד די פליענדיקע גרינע תפילה...

היער־לע־פּאַלמיע 1962

# אויף דער שיף „פראַנס"

די שיף גייט גלייך.
זי טוט זיך נישט אַ וואַקל.
אַ פאַקל
ביי־טאָג, ביי־נאַכט, כסדר ברענט דאָ אויפן דעק,
עס נעמען אונדז אַרום פון אַלע זייטן
די ווייטן,
דער ים איז אָן אַן עק
כ׳בין גליקלעך דאָ, כ׳בין פריי.

נאָר ס׳האָבן זיך באַוויזן מעוועס דריי
כדי צו ווייזן אונדז דעם וועג
צום ברעג

די זון אין מזרח־זייט פאַרגיסט אַ האַלבן ים
דער הימל שטראַלט —
באַלד
אויף מערב וועט מען זען די ערד,
אַמעריקאַנער ערד;
עס ווערט
אַלץ נענטער, נענטער...
די „פראַנס" שטעלט אָפּ זיך אין אַ ציטער
גייט ווייטער אַ פּאָר מייל,
ווייל
די ערשטע מעווע שפּרייזט מיט פליגלען מיט צעשפּרייטע,
די צווייטע
שרייט צו דער דריטער,
וואָס יאָגט זיך אויפן כוואַליע־פּאַן —
— מיר קומען אָן!...

אויף דער שיף „פראַנס", פעברואַר 1963

# אויף דער שיף „ירושלים"

אַ זון מיט אַ רעגן,
מיר פאָרן אַנטקעגן,
אַנטקעגן ישראל!
מיר זיינען נתפּעל,
מיר איילן זיך, איילן,
אַ מייל לויפט נאָך מיילן,
די זון איז נישטאָ שוין;
אָן מאַכט איז דאָס לשון,
די ווערטער צו שרייען:
— השעה הזאת בירושלים!

די זון גייט אַלץ העכער...
פון גריבער און לעכער
די זידיקע שוימען
באַצירן מיט זוימען
די כוואַליע די בלויע
אַ מעווע אַ גרויע
צעשפּרייט אירע פליגל
די שיף איז אַ וויגל
פון ריטמען געטרייע.
— השעה הזאת בירושלים!

איך חלום אין דרימל
פון וואַסער און הימל,
פון הימל און ימען,
געזאַלצענע טעמים
פון פרישקייט און ווינטן,
פון זונען וואָס צינדן
אַ וועג פון סאַפּירן.
מיר לאָזן זיך פירן
צום ברעג צו דעם נייעם
— השעה הזאת בירושלים!

יולי 1956

## ווי היינע

איך האָב פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד פֿון סאָסנעס און פֿון פֿיכטן
און כ'בין אַהער געקומען ווו די פּאַלמע וואַקסט
כ'האָב איר געבראַכט אַ גרוס פֿון וואַלד געדיכטן
וואָס בענקט נאָך איר און טרוימט אין אַנגסט

די פּאַלמע אויך פֿון סאָסנע טראַכט אָן ענדע
ס'איז זיי באַשערט אויף אייביק זיין צעשיידט —
דער פּאַלמע — שיינען אויף דער זון און בלענדן
דער שלאַנקער סאָסנע — גרינען שטילערהייט

מענטאָן 1967



דאָרט, אין ישראל אינעם ניסימדיקן לאַנד
דאָרט שטייען װוּנדער־סאָסנעס אין אַ ראַנד:
אַנטקעגן, גלייך אַנטקעגן וואַקסן פּאַלמעס נאָך אַנאַנד
און ביידע שטרעקן איינס צו ס'אַנדערע אַ גרינע האַנט

תל־אביב 1968

## תל-אביב

ניט אַנדערש נאָר מלאָכים פליען דאָ אַרום,
מיט פולע הענט פאַרזייען פרייד, פאַרזייען פרייד.
דער ים פאַרטויבט מיט זיינע רייד.

מלאָכים שפּרייזן איבער אונדז אין רעש פון שטאָט
און וואַרפן בלומען אומעטום, אומעטום
משיח איז געקומען — בליט די בלום

אַ גאַנצן טאָג זיי פליען אום
פאַר נאַכט די זון זיי לעשן אויס, לעשן אויס,
שלום לייכט אין יעדן הויז...

אויף מיר דער גלות וואַרט נאָר בלויז.

תל־אביב, יולי 1964

## ביים וועג

די גרעזעלעך ביים וועג
פאַרהילן מיינע טעג אין טרייסטן גרינע
דאָס בלויקייט פון זעפיר
באַוועגט זיך אַרום מיר מיט ריחות דינע

די זון ווי אין אַ רויך
שלאָפט דאָרטן ערגעץ הויך אין וואָלקנס פייכטע
זיך אָפּגעשטעלט די צייט
ווי לעבעדיקע זייד — די פעלדער לייכטע

איך פיל — איך בין נישט מער
ווי ס׳פליגעלע וואָס כ׳הער, פאַרחלומט זשומען
עס בלאָנדזשעט מיין געשטאַלט
אין טונקלקייט פון וואַלד אין שווייגן פרומען.

לאַ ריפ 1965

## ייִדישע געשפּענסטער

פון קדושים־מיליאָנען ייִדישע געשפּענסטער
פליען אין אומענדלעך־ווייטע הימל־ספערן,
גליטשן זיך ווי שטומע פייגל צווישן שטערן,
שוועבן צו דער וועלט דער שענסטער
— צו דער ערד.

שפּרייזן זיי אַרום פּלאַנעטן אומבאַוווסטע
אינעם סוד פון אין־סוף־גאַלאַקסיעס;
רינען טרערן פון די אומזעבאַרע וויעס,
פאַלן דורך די רוימען פּוסטע
צו דער ערד.

אין אַ פליגל־פאָך אַ שנעלן
נידערן זיי אין אַלץ ברייטערע ספּיראַלן,
פלינק פאַרלאָזנדיק דעם רוים אַסטראַלן,
ציען זיי זיך ווי אַ שנירל פּערל
צו דער ערד.

ס׳קומט שוין די פּלאַנעטע זיי אַנטקעגן,
טראָגט דער ווינט זיי איבער אָקעאַנען.
אָ, ווי שיין עס איז די וועלט פון דאַנען!
מיט די פעלדער רואיקע, און שטעט־געיעגן
אויף דער ערד.

די געשפּענסטער רוקן זיך אַלץ נענטער;
נאָגט דאָס אָרט ווו ס׳איז געווען דאָס האַרץ אַמאָל...
שפּרייט זיך אונטער זיי אַ גרינער טאָל,
קלעטערט אויף אַ באַרג אַ מדבר אַ פאַרברענטער
אויף דער ערד.

קוקן זיי אַראָפּ — אַהער האָט זיי געצויגן —
פון דער ווייטנס רינט גלייכגילטיק דער קאַנאַל,
קומט אין קיילעכדיקן פלי צום שפּיץ ספּיראַל
איינער נאָכן אַנדערן צו פליִען
צו דער ערד.

אַלע ווילן זיי וואָס שנעלער, וואָס געשווינדער
אָנקומען אין לאַנד, וואָס איז זיי טייער,
און באַגעגענען אין רויך־גיהנום־פייער
אַנדערע געשפּענסטער — יונגע קינדער
פון דער ערד.

וויפל זיינען זיי, אָ, גאָט?! — די יונגע,
וואָס אָוועקגעגעבן ס'לעבן פאַרן לאַנד באַליבטן?
וואָס אויף אייביק וועלן ליגן אין געצירטע קריפּטן?
דורכגעלעכערט ס'האַרץ, דער קאָפּ, די לונגען —
אונטער ד'ר'ערד?

פאַר ישראל פול מיט ליבשאַפט זיינען זיי געפאַלן,
נישט דערלאָזט עס זאָל פאַרפלייצן ס'לאַנד דער שונא;
צירן די געשפּענסטער אַלטע זיי מיט קרוינען,
אויסגעפלאָכטענע פון שטערן און לבנה־שטראַלן
ווייט פון ד'ר'ערד.

ווידער איינס נאָך ס'אַנדערע די גייסטער
הייבן זיך און נעמען מיט — די העלדן נייע,
וואָס, ווי שוועלבעלעך אָ יונגע סטייע,
פליען אָפּ אַלץ שנעלער, דרייסטער
פון דער ערד.

קלאָגן די נשמות שטילערהייט פון די קדושים אַלטע:
— ניין, נישט אונדז האָט מען געקאָנט מיט קרוינען צירן,
און וואָס טויג אונדז דאָס רחמנות פאַר מאַרטירן? —
פון דער הייך זיך גיסן טרערן קאַלטע
צו דער ערד.

אונטער זיי די שלאַכטן הוליען הילכיק,
ביימער טרעשטשען, ברענען שטיבער, פּלאַצן פענצטער
אויפן הימל זיך צעשפּרייטן שאָטנס פון געשפּענסטער —
אַלט און יונג — זיי זיינען שוין ביים מילך־וועג...
ווייט די ערד...

פּאַריז, נאָוועמבער 1973



איך קוק אויף די בערג
און איך טראַכט וועגן אַנדערע;
ווען דאָרט איך זאָל זיין
וואָלט געווען איך קיין וואַנדערער.

דאָ, — רואיקע שאָטנס
פון סאָסנעס ברייטשטאַמיקע;
דאָרט, פעלדזן זיך גרויסן
כּאַטישע, פלאַמיקע!

די טייכעלעך פליסן
און לאַכן מיריאַדן דאָ,
און שפּרינגען און פאַלן
צעלאָזטע קאַסקאַדן דאָ.

נאָך וואַסער די שטיינער
צעגליטע דאָרט חלשן,
און ס׳ברענען כּאמסינען
די שפּיצן די סקאַלישע.

איך קוק ווי עס שווימען
די אַלפּן אין פענצטער־שויב,
מיין האַרץ האָט זיי גערן,
זיי זיינען די שענסטע, כ׳גלויב.

נאָר יענע, אין מדבר —
מיין בליק גייט אַנטקעגן זיי,
מיין האַרץ בענקט אַהין
ווי דאָרט בענקען נאָך רעגן זיי.

פּאַריז 1962

# פאַר נאַכט אין די אַלפּן

דאָרט העט־העט אויבן אין דער הויך,
דאָרט ווו די ריזנבערג פאַרוויקלען זיך אין רויך
איז ליכטיק נאָך און העל —
דאָ — שטייט דער אָוונט אויף דער שוועל,
באַלד, באַלד איז נאַכט.

עס האָט דער באַרג אַנטקעגן מיר
זיך אָנגעטאָן אין סאַמעט נאַכטקאָליר
מיט אַ גירליאַנד פון שפּיצעלעך אַרום
און קוקט צו מיר פאַרעקשנט שטום
עס לייגן שאָטנס זיך אויף אים
פון וואָלקנס איבער אים.

די זון האָט לאַנג געגילט די שאַרפע שפּיצן —
די העכסטע — די וואָס שוין דעם הימל קריצן
עס ווערן שמעלער, שמעלער אַלץ די גאָלדן־פּאַסן
און טונקעלער די שווערע מאַסן

און פּלוצעם, איז די זון פאַרשוווּנדן
און שוין האָט זיך דער הימל אָנגעצונדן
מיט לייכטע כמאַרעס קנוילן פאַלן רונדע

מיט פייערדיקע רינגען, שניידנדיקע שטראַלן
די טויערן פון הימל זיך צעפראַלן
פון אַ צעשפּרייטן פאָכער זילבער־בלייכע סנאָפּעס פאַלן
עס שווימען דורכזיכטיקע בלומען, פוכיק־ווייסע פייגל
און חיות ליכטיק־גרויע מיט געגילטע בעגל

דאָס אַלץ זיך טראָגט אין לאַנגזאַם־שטילן פלי
און זיך געזעגנט מיט דעם טאָג וואָס גייט אַוועק צו פרי.

און כאָטש אַרומגערינגלט נאָענט
כאָטש צווישן בערג, מיט פעלדז, און שפּיז, און שטיין
בלייבט, ווי אַ מענטש מיט אַלע זיינע פריינד,
אַ יעדער באַרג אַליין.

סען־זשערווע, אויגוסט 1962

# אָסיען

פאַלט אַ רעגן
אויף די וועגן
ביידע זייטן
ביז די ווייטן
שוין פאַרגעלט
ס׳ברייטע פעלד

שטייען סטויגן
איינגעבויגן
ווייקן סנאָפּעס
טריפן טראָפּנס
פאַלן טרערן
נאַסער ווערן
פייכטע צווייגן
פייגל שווייגן

פאַלט אַ רעגן
אויף די וועגן
שווער די הימלען
כמאַרעס דרימלען

טרינקט דער באָדן
אָנגעלאָדן
ביימער ווײנען
טרערן קליינע
צאַפּלען רינען
שווייגן בינען
שלאָפן פליגן
ווינטן וויגן

טראָפּנס זשומען
וועלקן בלומען
פריער אָסיען
איז געקומען

פאַלט אַ רעגן
אויף די וועגן
טרינקט די ערד
טרינקט די ערד
טרינקט די ערד
טרינקט די ערד

לאַ ריפּ 1962

## דער קידוש

שבת מאַכט דער זיידע קידוש
קוקן ביידע מיר מיט חידוש
אויפֿן קעלישאַק ראַזשינקע־ווײַן
לויכט די זון אין אים אַרײַן
טוט דער זיידע אַ טרונק דער ערשטער
און דעם גאַנצן טיש באַהערשט ער
טוט די באָבע אַ טרונק די צווייטע
וויגן זיך די בלומען־קווייטן
און די דריטע טרינקט מײַן מאַמע
האָט דער ווײַן דאָך אַלע טעמען
מומע פֿייגע טרינקט די פֿערטע
ציכטיק איז אין אַלע ערטער
שפּרה טרינקט די פֿינפֿטע אויס
שבת איז די שמחה גרויס
און די זעקסטע פֿאַרזוכט טויבע
דעם באַשאָף די פֿייגל לויבן
שוין די זיבעטע טרינקט הינדע
אירע אייגעלעך זיך צינדן.
אויך מײַן שוועסטערל און איך
שטופּן זיך צום ווײַן אויף גיך
ווײַן פֿון ראַזשינקעס אַנטציקט
ר׳האָט אונדז אַלעמען דערקוויקט
גוט און פֿריילעך איז אַרום
שײַנט דער שבת אומעטום!

1976

# וואַקאַנסן

ווויל איז מיר! אַ מידע, כ׳בין געקומען
אינעם שטעטעלע, וואָס פול מיט בלומען!
אַלט און יונג, און פרוי און מאַן
איילן צו דעם ברעג פון אָקעאַן.

וואָס איז דאָביים ברעג דען וויכטיק?
ס׳זאָל די זון זיין הייס און ציכטיק;
ס׳וועט דער בלאַסער קערפּער קאָנען דאַן
ברוינען זיך ביים בלויען אָקעאַן.

ס׳דוכט זיך, ס׳איז נישטאָ קיין אָרעמע, געמיינע
אינעם קליינעם שטעטעלע, דעם שיינעם;
ווו איך גיי, אויף יעדן שפּאַן
איז אַ יום־טוב דאָ, ביים בלויען אָקעאַן!

פּילסטו, ווי די בלומען שמעקן?
עפּעס יוגנטלעכס זיי וועקן...
ראַשט מיך איבער מיט זיין אומגעהייער,
ציט מיך צו דער אָקעאַן, דער בלויער.

ס׳ציט צום דורכזיכטיקן טרוים פון האָריזאָנט,
צו דעם סאָסנע־וואַלד באַצירט מיט אַ גירליאַנד,
צו דעם שיפעלע וואָס ווי אַ ווייסער שוואַן
גליטשט זיך לאַנגזאַם אויפן בלויען אָקעאַן...

כ׳זע נישט, נאָר איך פיל דעם אַטלאַנטיק
מיט זיין בלענדנדיקן, שרייענדיקן גליק!
דאָ איז פרייד און ליכט פאַר אַלעמען פאַראַן,
ביי דעם ברעג פון מילדן, בלויען אָקעאַן.

סען־זשאַרזש־דע־דידאָן 1961



אַ, וויפל מאָל איך האָב אייך שוין באַשריבן
אייך — צעוואָרפענע אומענדלעך בליענדיקע פעלדער
אייך, סאָסנעס הויכע — איר זענט שטאָלצע אין דער הייך געבליבן
און קוקט, פאַרכישופט אויף די נאָענט־ווייטע וועלדער,
וואָס צייכענען אויף תבואה־פאָן משונהדיקע בילדער
און אַלץ איך שילדער
וואָס עס הייסט מיר טאָן דער ווינט דער ווילדער
און דער הימל איבער מיר דער רונדער
וואָס קוקט אַראָפּ מיט אייביק־שײַנענדיקן וווּנדער.

## צוויי זונען

פלוצלינג פון די כמאַרעס האָט באַוויזן זיך די זון
און אַלץ האָט אויפגעלעבט:

די ערשטע האָבן פייגעלעך געזונגען איר אַ שיר,
דערנאָך די ביימער האָבן זיך צעשמייכלט
און מיט די בלעטער — גרין און גאָלד —
באַגריסט די שטראַלן
דאַן האָט דאָס גראָז פּאַמעלעך זיך צעהוידלט
און מיט די נאַסע בלימעלעך געקוקט, געקוקט...
און גלייך — דער טייך
וואָס שוין פון לאַנג, פון לאַנג פאַרליבט איז אין דער זון,
האָט זיך צעטאַנצט
געלאָפן איר אַנטקעגן,
האָט זי געכאַפּט, געלייגט זי אויף זיין שויס
אוןביידע זונען האָבן שטיל געשיינט
געלויכטן...
און בלענדנדיק געלאַכט!...

זשיף־סיר־איוועט 1972

## צירונג

ווען נאָכן רעגן וואָלט איך וועלן אויפּסילען די קייקלענדיקע פּערל
פון יעדן שפּיציק בלעטעלע פון רויזן־קוסט די דורכזיכטיקע פּערל
וואָלט דאָס געווען אַ וווּנדער־שנירל לויטער־ריינע פּערל

ווען נאָכן רעגן איך זאָל וועלן קלויבן גיסנדיקן דימענט
אין האָרץ פון יעדן בלימעלע וואָס אויפן עפּל־בוים דעם פינקלענדיקן דימענט
וואָלט איך באַצירט מיין פרילינג־קלייד מיט בלענדנדיקן דימענט

ווען נאָכן רעגן איך וואָלט וועלן באָדן זיך אין הייסע שטראַלן
אין שקיעה פונעם זון־פאַרגאַנג אין פלאַמיק־מילדע שטראַלן
וואָלט איך געהאַט די רייכסטע קרוין פון די צעגליטע שטראַלן

פּאַריז, פרילינג 1962

## אָדעס

איך גיי אַרום אין שטאָט, ווי אין אַ חלום
ווי צאַרט דאָס אַלץ וואָס גייט אַוועק
איך ווייס ס׳איז וואָר, נאָר ס׳איז אַ חלום
אַז איך בין דאָ ביים אויסגעבענקטן ברעג

די גאַסן ראַשיקע — זיי ראַשן פונקט ווי דעמאָלט
איך גיי, איך גיי — און אַלץ איך קען אָט־דאָ,
איך זוך די אַלע, וואָס געלעבט דאָ דעמאָלט
די אַלע פון מיין פריער־יוגנטלעכער שעה.

איך קוק צום פּאָרט, צום ברעג, צום וואַלד פון שיפן
ווי גראַנדיעז עס ציען זיך די ברייטע טרעפּ
זאָל לויפן איך אַראָפּ באַוווּנדערן די שיפן?
דער ים איז ווי אַ גרינער, ווייטער סטעפּ.

## ווענעציע

אַ, שטאָט פון שמייכל, שטאָט פון טרוים,
ווענעציע, אַ, שפּילעוודיקע שטאָט!
ווו ס'שווייגט, ווו ס'קעניגט נישט דאָס ראָד
ווו שטילערהייט זיך פּליסקען לייכטע כוואַליעס,
ווענעציע, ביסט מיר געפעלן.

אַ, שטאָט פון חלום אויף דער וואָר
דו האָסט קיין שטיינערנע שאָסייען
אין וואַסער שפּיגלען זיך און הוידלען זיך פּאַלייען
אַמאָליקע פאַרכישופטע האָטעלן,
ווענעציע, ביסט מיר געפעלן.

אַ, שטאָט פון נעכטן און פון היינט
צו דיר זיך ציען אַלע הערצער
איך, יעדער איינער שטרעבט אַהערצו
און וויל דערגרייכן דיינע פּליסנדיקע שוועלן,
ווענעציע, ביסט אַלעמען געפעלן

אַ, שטאָט פון צויבער און געזאַנג
גאָנדאָלן שווימען איינע נאָך דער צווייטער
אויף וואַסער־וועגן טונקעלע, געדרייטע
זיך גיסן ליבע־לידער, טאַראַנטעלן
אַ, זיסע שטאָט, קאָן עס דען זיין, זאָלסט נישט געפעלן?!

1966

## די לבנה

די לבנה
האָט אַ פּנים
אירע אויגן
שמאָל פֿאַרצויגן
ס׳ברייטע מויל
שמייכלט ווויל

קוקט פֿון הימל זי אַראָפּ
אַלע פֿעלדער זילבערט אָפּ
ציט זיך ווי מיט כּישוף־פֿעדעם
צו די טייכן צו די סעדער
אַלץ אויף ד׳ר׳ערד
שענער ווערט
אַלץ אויף ד׳ר׳ערד
שענער ווערט

די לבנה איז שוין העכער
בלוי געוואָרן אַלע דעכער
אַלץ אַרום ווערט שטילער העלער
שיינט דער זילבער־ווייסער טעלער
שווימט אין בלויקייט אין דער הויך
וווּ איך גיי דאָרט גייט זי אויך
יאָגט מיר נאָך און סודות שפּינט
טראָגט זיי גלייך צו מיר דער ווינט
טראָגט זיי גלייך צו מיר דער ווינט

די לבנה
האָט אַ פּנים
פון די ווייטע הימל־שטחים
קומען אָן צו איר מלאָכים
שפּרייזן מיט די פליגלען ווייסע
וואָלקנס לייכטע זיך צערייסן
פאַלן שטיל אַרויס די טרוימען
גליטשן זיך אַריין אין קוימען
און אין פענצטער וואָס איז אָפן
אַלע חלומען וואָס שלאָפן
אַלע חלומען וואָס שלאָפן

פול מיט אָנגעזאָגטן גליק
גיסט זיך הימלישע מוזיק
די לבנה־שיין סאָנאַטע
חלומט טרוימט אַ גאַנצע נאַכט
דער וואָס וואַכט
דער וואָס וואַכט

די לבנה האָט אַ פּנים
ווען זי שפּיגלט זיך אין ים
צאַפּלט דאָרט אַ בלויער פלאַם
שטערן שפּיציקע זיך וויגן
טאַנצן דימענטענע שטיגן
גייט אַראָפּ אַרויף דער סוד
נאָך איין רגע זעט מען גאָט

און געדאַנקען שוועבן שוועבן
רופן צו אַ שענער לעבן
רופן צו אַ שענער לעבן

פּאַריז 1962

## לבנה של פסח

אַ נייע לבנה — אַ האָרן
איז היינט ביינאַכט געבאָרן.
קוק איך דורכן פענצטער־אויג
אויף איר פּראָפיל־בויג:
איך זע דעם לויכטנדיקן ציטער,
דעם זילבער־ווייסן שפּליטער.
די לבנה איז אַ כישוף־וועבער
וואָס שפּינט דעם סוד אומזעבאַר,
פאַרוויקלט אים אַרום די שטערן,
רוימט איין אַ יעדן, מען זאָל הערן —
זאָגט אָן אַז אַלע זאָלן וויסן
היינט הייבט זיך אָן דער חודש ניסן...

די לבנה איז פאַרשפּיצט,
קיילעכדיק פאַרשניצט
ווי מיט אַ מעסער;
מאָרגן וועט זי ווערן גרעסער
און יעדע נאַכט
פאַרשטאַרקן וועט זיך אַלץ איר מאַכט,
און זי וועט הערשן איבער אַלע ספערן,
אַלץ גרעסער, רונדער, שענער ווערן,
אַלץ מאַיעסטעטישער און העלער —
אַ דימענטענער, שיינענדיקער טעלער!...

דאַן ווייס איך —
וועט קומען דער באַפרייאונגס־יום־טוב — פּסח.

פּסח, אַפּריל 1967

## ביים מוזיקער

פאַר גאַרי בערטיני

ברייטע — ווייס און רויטע פּאַסן
ביי דעם פענצטערל דעם קליינעם
אין אַ ביכער־שראַנק אַ ווייסן
האַלטן שרייבער זיך אין איינעם.
פון דער וואַנט אַ האַרפּען־גייסט
ווינקט צו אונדז מיט סטרונעס פיר
דו דערפילסט זיך יונג און דרייסט
גלייך ווען עפנסט נאָר די טיר.

אויפן לאָמפּ אַן אַלטע ליד
זינגט דער אַלטער אַבאַזשור;
זאָגט דער ברונעם — זיי נישט מיד
און ער ווינטשט דיר לאַנגע יאָר.
שיינען הייס די געלע שטולן
ווי די זון אין מאַלאַגאַ
לאַכן גלעקעלעך און שפּילן
דאָ, רע, מי, דאָ, רע, מי, פאַ!

פּאַריז 1956

## שטיללעבן

אַ פירעקעווידיקער פלאַטשיק־פלאַכער בעקן
איינגעטוליעט דאָרט אין איינעם פון די עקן
ליגן מייערלעך פאַרוויגט אין זיסן שלאָף
ווי אויף הויכע בערג אַ קליינע סטאַדע שאָף
צווישן זיי אַ ליכט, אַ ווייסער פעלדז, אַ ריז
אויסגעלאָשן, עלנט שלאָפט ער אויף איין פוס
ס׳טונקלט אויבן ס׳שוואַרצע היטעלע, זיין קנויטל...
ס׳דרימלען אָנגעלענט אָן אים צוויי האַלבע עפּל,
ס׳האָט אַ ציבעלע מיט איר צעשויבערט קעפּל
אָנגעשפּאַרט זיך אין אַ מייערל אַ רויטן,
שלאָפט אין שאָטן פון אַ רעטיך דאָ דערנעבן
ס׳איז שטיללעבן...

פּאַריז 1962

# מאַנהעטן ביי טאָג

כ׳פאַררייס דעם קאָפּ,
איך קוק אויפן גאַלאָפּ
פון לויפנדיקע שטאָקן,
איך צייל דערשראָקן.

די הויכע הונדערט־שטאָקיק־שווערע בענק
פון מאַנהעטן
מיט שטאָל-באַדעקטע ווענט,
מיט דראָענדיקע הענט
זיי שטיקן, דריקן, שפּעטן
פון דער גאַנצער וועלט.
דיקטירן איר דעקרעטן,
צעשפּרייטן ווי אַ קרענק
די ליבע צום דאָלאַר,
צום געלט.
און אַלע קניען גלייך
און אַלע זיינען אונטערטעניק
צום גאָלד — צום קעניג.

כ׳פאַררייס דעם קאָפּ און צייל דערשראָקן
די שטאָקן
אומזיסט דער צענטראַל־פּאַרק, די ביימער
דערציילן אין אַ שפּראַך געהיימער
אַז ס׳איז פאַראַן אַן אַנדער לעבן ערגעץ־ווו...
ווער הערט זיך צו?

## מאַנהעטן ביי נאַכט

דערוואַכט דער גייסט, די פּראַכט
פון מאַנהעטן
פאַרשווונדן ווערן אַלע שווערע סילועטן,
די הויכע מויערן באַהאַלטן די געזיכטער,
איך זע נאָר מיריאַדן ליכטער
ס׳זאָל זיין נאָר לויכטנדיקע פענצטער?
צי שיינענדיקע פריילעכע געשפּענסטער,
צי פינקלענדיקע ווערעמלעך וואָס ווימלען,
וואָס לויפן צו די הימלען,
צו די שטערן?

ווי פלאַטערלעך מיט פלאַמען אויף די פליגלען,
זיי אומעטום, אי רעכטס, אי לינקס זיך מערן
ווי אין מיליאָנען שפּיגלען
זיי צייכענען געביידעס אין דער נאַכט.
דאַן שטיל די האָפענונג דערוואַכט.

מיליאָנען פייערלעך — זיי וואַרעמען, זיי גלעטן
ביינאַכט אין מאַנהעטן.

## די הימאַלייען

אין די העכסטע הימאַלייען
וואָס צום סאַמע הימל סטייען
ווו מיט ווילדע פייפערייען
בייזע זאַווירוכעס ווייען
הייבן אויף די טיפסטע שנייען
און זיך דרייען, דרייען, דרייען
און זיי שליידערן אַרונטער
צו די אומענדלעכע גרונטער
הייבן זיי דערנאָך אויף מונטער
צו די העט־העט הויכע שפּיצן
ווו גרייז־גרויע זקנים זיצן
אייביק מיט די ציינער קריצן

יאָגט די זאַווירוכע ווייטער,
נישט קיין פייער, נישט קיין רייטער
קאָן מען זען אויף יענע שטעגן
ס׳איז נישטאָ דאָרט קיין שום וועגן
ס׳פליט דער ווינט איר נאָר אַנטקעגן
און זיי דרייען זיך צוזאַמען
אויף אַליך שטייגנדיקע גאַמען
קערן איבער אַלע שטאַמען
אין די העכסטע הימאַלייען
וואָס צום סאַמע הימל סטייען.

# די געשטאָרבענע דיכטערין

די דיכטערין האָט אָפּגעלעבט,
זי איז געשטאָרבן,
אַ קרבן
פון דער עלטער.
אַלץ שטייפער, קעלטער,
אַלץ מידער, מידער...
איר האַרץ איז ביזן לעצטן טאָג,
ווי אירע לידער,
געבליבן יונג —
אַ שמייכל, אַ פונק
און אירע אויגן, כאָטש פאַרטונקלט,
ווי פריער, ווייט געזען און טיף...

די דיכטערין האָט נישט געפילט אַז זי איז אַלט
נאָר טאָמער האָט אין שפּיגל זי געקוקט
האָט איר דאָס האַרץ געצוקט
(עס האָט געוווסט, עס האָט געוואַרט).
ביז שטיל און צאַרט
עס איז פאַרצוקט געוואָרן.

עס האָבן זיך פאַרמאַכט די בלויע אויגן,
נאָר איר געשטאַלט
האָט זיך צעשטראַלט;
עס האָבן פליגל צוויי זיך אויסגעצויגן,
די ווייסע פעדערלעך צעפלאַטערט זיך פאַר פרייד,
און שטילערהייט
איז זי אַוועקגעפלויגן
צום הימל.

דער טויט האָט אין די גלאָקן זיך צעקלונגען
און אַלע האָבן זיך דערוווסט, אַז שוין —
די דיכטערין דאָס לעצטע ליד האָט אָפּגעזונגען.
זי איז אַוועק צום אין־סוף, צום אומברענג...

און אַלע האָבן זי באַגלייט אין לעצטן וועג,
— „זי האָט געראַנגלט זיך אין אַ געיעג
נאָך יושר" — מען האָט געזאָגט —
„און ווי אַ שטילע טויב
האָט נישט געזוכט קיין רום, קיין לויב"... —

איר גייסט מיט פליגל לייכטע איז געפלויגן איבער זיי,
געשמייכלט און געקוקט אויף דעם, אויף יענעם
געטאָן אַ טראַכט: — מיר דוכט איך קען אים,
אַך,
אָט גייט ער זאָגן מיר אַ שבח! —
און שפּעטער וועט מיין בוך ער קויפן
(אויב דער געדאַנק וועט נישט אַנטלויפן...)

דער דיכטערינס באַפרייטער גייסט
האָט שטיל געשפּרייזט,
מען האָט געמיינט — אַ ווינטעלע וואָס שטיפט
עס האָט אפילו דאָ און דאָרט געטריפט
אַ טרער —
די דיכטערין האָט אָבער נישט געזען זי מער
זי איז אַוועק און גאָרנישט מער געזען
נישט מער געהערט.
און נאָר די לידער אירע האָבן שטיל געשוועבט אַרום דער ערד.

פּאַריז 1969

## אבן - טוב

כ׳האָב פֿאַרלוירן מײַנע פּערל אויפֿן וועג
אינעם אימפּעט אינעם וויכער פֿון געיעג
אַלע פּערל האָבן זיך צעשאָטן
אין די ווײַסע שטויבן אײַנגעטראָטן

מיט די פּערל כ׳האָב פֿאַרלוירן אַלץ
— לויטער־פּערל וואָס געציטערט אויף מײַן האַלדז —
איז מײַן האַלדז געוואָרן אײַנגעשרומפּן
פֿאַר די אויגן נעפּלדיקע זומפּן

און פֿאַרשוווּנדן און נישטאָ די פּערל־קלאָר
וואָס געלויכטן צאַרט אין מײַנע האָר
זײַנען מײַנע האָר געוואָרן גרוי
שטאַרע זיי צעפּאַלן זיך ווי שטרוי

כ׳האָב פֿאַרלוירן מײַנע פּערל־שײַן
בין איך אַ פֿאַרלוירענע אַלײן
אָן די פּערל קאָן איך דען אויף עפּעס האָפֿן
אין דעם לעבן וואָס אַנטלאָפֿן

כ׳האָב פֿאַרלוירן אַלע פּערל — נאָר מײַן האַרץ
איז געבליבן מיר אָן אײַנגעשפּאַרטס
וועל איך טראָגן עס כסדר ביזן סוף
ס׳איז מײַן אײנציקער מײַן ריינער אבן־טוב

פּאַריז, אָקטאָבער 1965

# מיין האַרץ איז אַנטלאָפן

מיין האַרץ איז אַנטלאָפן
ערשט כ׳האָב געשפּירט
ווי עס קלאַפּט, פּולסירט
אַ שלאָג נאָך אַ שלאָג
ביי נאַכט, ביי טאָג

כ׳האָב נישט געוווּסט
אַז מיין ברוסט איז אַנטהילט
כ׳האָב נישט געפילט
ווען מיין האַרץ איז אַנטלאָפן

אפשר צו מאָל
ס׳האָט געצאַפּלט, געקלעמט,
געשטאָכן פאַרטעמפּט
ס׳קאָן זיין אַז געדריקט
פון טרערן געשטיקט
ס׳האָט צעריסן די שטאָפן
און איז אַנטלאָפן

ווו ביסטו, האַרץ?
מיין יונגס, מיין פאַרשאַרטס.

איצט איז מיין ברוסט
פּוסט...

פּאַריז 1974

## ביינאַכט

ביינאַכט
אַ יעדנטאָגיקן ביינאַכט
דערוועקט זיך מיין נשמה
דערמאָנט זיך
דערקענט, געפינט
דאָס אַלץ וואָס איז געווען
דאָס אַלץ וואָס האָט געלעבט

זי האָט קיין אַנונג נאָר זי ווייסט
זי האָט קיין וויסן נאָר זי קען
זי האָט קיין פליגל נאָר זי פליט

זי פליט ביים ראַנד פון ביימער־קרוינען
זי קוקט אָן פרייד
אָן חידוש
אויף דעם וואָס איז געווען
אויף שטעט און גאַסן
באַקאַנטע שטיבער, טרעפּ
אויף וועגן
וואַלד און סטעפּ
אויף באַרג אַראָפּ, אויף באַרג אַרויף
אויף דאָ און דאָרט

אויף וווּנדן
פון וואַרטונגען אַנטוישטע
פון ליבע נישט דערליבטער
פון בענקשאַפט וואָס פאַרבליבן

לאַ ריפּ, יולי 1966

## דורכן פענצטער פון צוג

איך שטעל מיר פאָר —
די גרינע פעלדער הויכן,
דאָס טייכל וויקלט זיך אין לייכטע רויכן,
איך שטעל מיר פאָר ווי ס׳שמעקט דער יונגער צוויט
פון ביימעלע וואָס בליט.

עס איז דער טייך נישט בלוי גאָר —
ער איז ראָזע,
אַ ווייסע, טאַנצט אַדורך אַ נאַקעטע בעריאָזע.

דער זונען־שטראַל וואָס קומט צו מיר — שוין בריט —
ווי שנעל דער פרילינג פליט!

אויפן וועג קיין שטראַסבורג, אַפּריל 1962

## פאַראַנען טעג

פאַראַנען טעג ווען עפּעס פעלט,
ווען עפּעס מאָנט, ווען עפּעס נאָגט.
צי האָב איך עפּעס נישט דערציילט,
צי נישט דערמאָנט, צי נישט דערזאָגט?

פון וואַנען קומט דער אומעט אָן?
כ׳געפין מיר נישט קיין פּלאַץ, קיין רו,
און אַלץ וואָס כ׳האָב צו רעדן, טאָן
איז גאָר נישט דאָס, וואָס כ׳רעד און טו.

פאַראַן אַזעלכע לאַנגע טעג
ווען עפּעס פייניקט, נאָגט און ציט...
דאַן טרייסט מיך נישט דאָס בעסטע וואָרט,
און ס׳איז אַן חן דאָס שענסטע ליד.

פּאַריז, יאַנואַר 1963

## לידער וואָס נישט אָנגעשריבן

נישט וויינט,
נישט וויינט, אָ לידער מיינע וואָס נישט אָנגעשריבן
איר זייט די בעסטע
אויף אייביק
פֿאַרבליבן טיף ביי מיר אין האַרץ
ווי עפּעס צאַרטס
ווי עפּעס אייגנס
ווי אַ פֿאַרבאָרגענער פֿאַרמעגן
פֿון טרוימען ניט דערגרייכטע
ווי קינדערישע פּנימלעך פֿאַרבלייכטע
ווי קנאָספּן פֿון אַ רויז וואָס נישט געבוירן
און ווי איר דופֿט וואָס איז פֿאַרלוירן

אָ, לידער מיינע וואָס נישט אָנגעשריבן
איר זייט אַ שמייכל וואָס פֿאַרשווינדט
אַ טייך וואָס רינט אַוועק, וואָס רינט
איר זייט ווי שטערן וואָס אין וויַיטן הימל שימערירן
ווי הייליקייטן וואָס מען טאָר זיי נישט באַרירן.

פּאַריז 1967

## געלע בלעטער

געלע בלעטער, גרויע האָר,
אומעטיקע; געלע בלעטעלעך אַ פּאָר,
אויפֿן גרינגעם בוים זיי זעען אויס נאָך געלער,
גרויען טרויעריק די גרויע האָר,
שעמען זיך ווי מיט אַ פֿעלער.

פּאַריז 1962

## אין די גרויע אינדערפֿריען

אין די גרויע אינדערפֿריען
ווען די נאַכטשאָטנס נאָך פֿליען,
ווען עס ציטערן די ביימער,
אין אַ פֿאַרגעפּיל געהיימען
ציטערט אויך מיין האַרץ...

אין די שלאָפֿלאָזע פֿאַרטאָגן
ווען געדאַנקען יאָגן, יאָגן,
ווען עס לעשן זיך די שטערן,
ווען די נעפּלען קעלטער ווערן
קעלטער ווערט מיין האַרץ...

אין די בלוילעכע קאַיאָרן,
ווען אין פֿעלד נאָך שלאָפֿט דער קאָרן,
— שלאָפֿן אַלע זיס־פֿאַרוויגטע —
צאַנקט די נאַכט שוין אַ באַזיגטע
און עס צאַנקט מיין האַרץ...

## שוין לאַנג אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן

שוין לאַנג אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן
מיין גלויבן אפשר כ׳האָב נישט מער
דעם גלויבן אינעם גייסט וואָס שוועבט אין יעדן וואָרט
וואָס לעבט אין יעדן קלאַנג
שוין לאַנג אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן

אין מיינע שויבן קיינער קלאַפּט נישט אין דער נאַכט
די טרערן פונעם אָסיען־רעגן
לאַנגזאַם מעגן אויף מיין פענצטער רינען רינען
זיי אין מיין זינען רופן נישט קיין אומעטיקע ליד

און מעגן קווייטן הוידען זיך אין גראָז אין גרינעם
און מעג אין יעדן גרעזעלע די זון זיך שפּיגלען
די פליגלען פון מיין פרייד נישט קאָנען זיך צעשפּרייטן

און ווען עס בליען שוין די ווייצן
און רייצן מיך מיט זייער גאָלד
וואָלט איך געוואָלט דער גאַנצער וועלט
דערציילן ווי אין פעלד זיך וויגן זאַנגען
נאָר די געזאַנגען קומען נישט צו מיר

איך ווייס אַז ערגעץ אין די טיפן
די ווערטער טריפן שיטן זיך ווי פּערל
וואָרקען ווי די טויבן
נאָר אויבן אַלץ איז שטיל
און נישט איך וויל
און נישט איך פיל
עס זאָל אַ שטראַל זיי קומען צווינגען
צו זינגען

מיראַ, אויגוסט 1963

## די וועלט איז שיין

די וועלט איז שיין,
נאָר גאָרנישט ס'האָט מיט מיר צו זאָגן;
די לופט איז ריין,
נאָר ס'מאַכט מיין האַרץ נאָך שטאַרקער נאָגן.

## ווען איך זאָל זיין אַ גייסט

ווען איך זאָל זיין אַ גייסט
וואָלט איך פאַרטאָג געשפּרייזט
העט אויבן אויף די הויכע אייבערפלאַכן
פון טאַנצנדיקע ביימער־בלעטער.
איך וואָלט געגאַנגען
פון בוים צו בוים
געשטעלט מיין דורכזיכטיקן פוס
אויף לייכטע צווייגנשפּיצן
און אַלץ וואָלט אונטער מיר
געווען אַ גרינער ים.

און שוועבנדיק פון בוים צו בוים
וואָלט איך געקוקט רעכטס, לינקס
אויף דעכער, שטיבער, גאַסן
אויף וועגענער וואָס איילן אין דער פריער שעה
כדי, חלילה, נישט פאַרשפּעטיקן...
נאָר איך? איך וואָלט אַ זאָרגלאָזע געשפּרייזט
איך וואָלט געווען אַ גייסט...

אין שפּיטאָל, פאַריז, נאָוועמבער 1973

# שוין

צום טויט פון א. קאַגאַנאָווסקי

## שוין

צווישן הויכע ברענענדיקע ליכט און פּאַלמען־בלעטער
געהילט אין פינצטערניש אין מיטן העלן טאָג
אויף שוואַרצן טוך די כריזאַנטעמען און די ריזן־קראַנצן
זיך קלויבן צו באַגלייטן אים צום לעצטן צוג

## שוין

אויסגעלאָשן זיך די פרייד פון זיינע ליבשאַפט־אויגן
און אויסגערונען האָט דער לויכטנדיקער קוואַל
דער קוואַל פון ליבע און רחמנות, פינקלענדיק געלעכטער,
וואָס וועט קלינגען לאַנג נאָך איבעראַל

## שוין

קיינמאָל, קיינמאָל מער וועט שוין זיין האַנט די פען נישט האַלטן
נאָך אים וועט בענקען ס׳יידישע געפלאָגטע וואָרט
נאָר קאָנען וועט נאָך לאַנג זיין ריינער גייסט אונדז קומען טרייסטן
און זיינע העלדן וועלן לעבן אויף זיין אָרט

# צוויי יידישע דיכטער

(פאַר איציק מאַנגער און אלחנן וואַגלער)

צוויי דיכטער יידישע אַוועק
אַריבער שוין דעם טייך פון לעבן
די גאַנצע לענג און ביז צום ברעג
זיי האָבן אַלץ אַוועקגעגעבן

פון טעג און נעכט דעם ליכטיקן עקסטאַז
פון טעג און נעכט די שווערע אימה
געזונגען ליבע, אויסגעצאָרנט כעס,
חלומות אייך דערציילט געהיימע

זיי האָבן אייך געלויבט די שיינקייט פון אָרום
די בלויע וועלט פאַר אייך געזונגען
אַליין — פאַר זיך געליטן שטום
און וויפל טרערן שטיל געשלונגען

די פאַווע גילדענע דער ערשטער האָט געשיקט
די טעג די נעכטיקע צו זוכן און געפינען
דער צווייטער האָט געזוכט, געזוכט דאָס גליק
אין בין־השמשות, אין באַגינען...

און ס'וויינט נאָך זיי די יידישע נגינה
און ס'וויינט נאָך זיי דער פליסנדיקער שיר
דער שטומער וואַלד, די פעלדער גרינע
און דאָס פאַריתומטע פאַפיר.

פאַריז 1969

# אָ, וויפל טענער — וויפל קלאַנגען...

גewידמעט

אָ,וויפל טענער, וויפל קלאַנגען
פון לויטער יידישע געזאַנגען
דו האָסט פון כאָר אַרויסבאַקומען!

האָסט אַלץ דעם קלאַנג אַוועקגעגעבן,
נאָר גאָרנישט פאַר דיין אייגן לעבן
פאַר דיר אַליין האָסט נישט גענומען.

ס׳האָט אונטער דיינע הענט וויברירט,
געלעבט דער כאָר מיט חן באַצירט.
ווען ביסט געווען זיין דיריגענט

אין יעדן האַרץ פון דיין כאָריסט
אויף אייביק דו פאַרבליבן ביסט
עס טוט זיי באַנג נאָך דיינע הענט.

און אויב ס׳גן־עדן איז פאַראַנען,
איז זיכער דאָרט אַ כאָר אַנטשטאַנען
לויט דיין אַרטיסטישן פאַרלאַנג.

אין נעכט פון שטילקייט אומגעהייער
דערגרייכן וועט צו אונדזער אויער
דאָס ריינע הימלישע געזאַנג.

# דער וויכער

וויכער־פלינק
פליט די צייט
וויכער־פלינק
ס׳לעבן פליט
קייקלט זיך
ווי אַ רינג

טעג, מעת־לעתן
אויפגעפרעסן
פרייד און וואונדן
גלייך פאַרשוואונדן

לויף איך, אייל איך
נאָכצויאָגן דעם ערד־קיילעך
נאָר עס קאָנען מיינע פליגל
מיך נישט טראָגן
מיך נישט יאָגן אַזוי שנעל

זון איז העל
נאָר אַנטקעגן
קוקט אויף איר
די לבנה
מיט איר ווייסן קאַלטן בליק
ווי אַ קבר אויף אַ וויג
ערשט געהערשט
האָט די זון פון באַגינען

שוין די נאָכט
ערגעץ וואָכט
שאָטנס רינען...

ערשט די רויז האָט געבליט
שוין איז אויס פון איר צוויט
ערשט דער בוים האָט געגרינט
שוין באַרייסט אים דער ווינט
און ער טרייבט
און ער יאָגט
אָט ווערט נאָכט
און שוין טאָגט

נאָר עס דרייט זיך די ערד
פון דער זון באַלד אַוועק
הילט זיך איין אין דער נאַכט
זיך מיט חושך באַדעקט

פלי איך מיט מיטן ווינט
און עס שלעפּט
מיך דער שטראָם
ווי אַ טייך
ווען ער רינט
צום תהום.
צום תהום.

וויכער־פלינק!...

פּאַריז 1964

## כ׳בין מיד

די פידל שפּילט אַ טרויער־ליד,
און לאַנגזאַם גייען מיר געזעגענען דאָס לעבן.

צי האָב איך אַלץ געגעבן?
איך מוז זיך איילן, כ׳בין שוין מיד.

## ווערטער

פאַראַן אַ וואָרט וואָס שײַנט און וואַרעמט
ווי די זון;

פאַראַן אַ וואָרט וואָס גיט פון זיך אַרויס
אַן אַראָמאַט, ווי ס׳ שמעקט אַ רויז —
דאָס זײַנען ווערטער צאַרטע
וואָס זוכן און געפינען
דעם וועג צום האַרץ.

פאַראַנען קאַלטע ווערטער, האַרטע
וואָס מיט שאַרפע שפּיצן
שטעכן, קריצן;

און ווערטער וואָס מען זוכט
און מען געפינט נישט...

און אַנדערע, וואָס ווי אַ שאָטן
אונדז גייען שטענדיק נאָך;
נאָר ווען מען וויל זיי כאַפּן
זיי אַנטלויפן זיי אָנגעמען, דערפילן, טאַפּן
— אַנטלויפן זיי און גליטשן זיך אַרויס,
ווי ס׳טוט אַ שאָטן בלויז.

פֿאַראַנען ווערטער
וואָס לאָזן איבער טיפֿע שפּורן,
וווּנדן
וואָס בלייבן

פֿאַראַנען ווערטער
וואָס שפּאַנען איבער דורות —
זיי ווערן נאָכגעזאָגט אין טויזנט יאָר אַרום!
און אויך אַזעלכע
וואָס מען וואַרט אויף זיי מיט אַנגסט און צאַפּל,
און וועלכע ווערן קיין מאָל נישט געזאָגט.

פֿאַראַן וואָס בעסער וואָלט מען זיי נישט זאָגן...

דאָס שענסטע איז דאָס ליבע־וואָרט...
עס זאָגט אונדז צו
עס זאָגט אונדז צו...
נאָר האַלט עס וואָרט?

פֿאַראַנען ווערטער
וואָס, ווי אַן אוצר, ליגן טיף אין אונדז פֿאַרבאָרגן,
און שפּעטער — קומען זיי אַרויס, ווי ס׳וואַקסן זאַנגען...

אַזעלכע — זינגען שטיל אין האַרצן פֿון פּאָעט.

פּאַריז 1957

# דער סאָנעט

יאָ, כ׳ווייס, ס׳איז שוין אויס מאָדע דער סאָנעט;
איך ווייס — נאָר כ׳האָב אים ליב, איך האָב אים גערן,
און כ׳גלויב, אַז ס׳וועט כסדר ניי, מאָדערן
אים זען אַן אמת־אמת׳ער פּאָעט.

און ווי נישט זען? צי קאָן מען דען צעשטערן
זיין איינצלנעם געבוי? זיין פאָרעם־סילועט?
די ערשטע סטראָפן זיינען אַ קוואַרטעט,
אַ טריאָ לאָזן אונדז די צווייטע הערן.

ווי אַ סאָנעט — אַ שורה און אַ שורה
פּאַרלירט דער גוף די לעבנס־פרייד, די גבורה,
אַלץ שמעלער, דינער ווערט דער שטריך;

אַצינד, כ׳האָב קוים דריי שורות נאָך צו שרייבן,
באַלד וועט מיר איינע נאָר; — די לעצטע, בלייבן,
אָט־די, וואָס נעמט אונדז מיט מיט זיך.

פּאַריז, 1 אַפּריל 1972

## דער שוואַרצער דימענט

כ׳האָב געזוכט דעם שוואַרצן דימענט
צווישן זאַמד
כ׳האָב געהאַט אים אויפן פינגער
פון מיין האַנט
וויפל שטיינער, גרויסע שטיינער
אינעם זאַמד
נאָר נישטאָ דאָרט, נאָר איך זע נישט
מיין בריליאַנט.
מעג איך זוכן, אייביק זוכן
נאָך אַנאַנד
נאָר געפינען כ׳בין דעם דימענט
נישט אויסטאַנד
וועט ער פינקלען, שעמערירן
ערגעץ־ווו
ער איז ווייט און אפשר נאָענט
פונקט ווי דו

פּאַריז, אַפּריל 1965

## כ׳האָב ליב צו זען

כ׳האָב ליב צו זען מיט שניי באַצירט
די ביימער זיך נישט רירן
אין זילבער־שטילקייט שלאָפט דאָס פעלד
די וועגן ערגעץ פירן

אַ גרויער פויגל שפּרייזט אַהין
די פליגל אויסגעצויגן
ס׳פאַרבלייבט דער שפּור פון דרייסטן פלי
נאָך לאַנג אין מיינע אויגן

פון אָט־דעם פלי פון אָט־דער ציכט
פון אָט־דער שיינקייט ריינער
ווי פון אַ לאַנג־געגאַרטער טרער
צעגייט מיין האַרץ פאַרשטיינערט

פּאַריז, יאַנואַר 1965

## נאָך אַ פרילינג

אַ ברעקל פרילינג אין אַ גלאָז
אַ צווייג פון עפּל־צווײַט צעבראָכן
ווי ס'האָט געטאָן דער ווינט אַ בלאָז
אויף מײַנע פליענדיקע וואָכן

שבתים זונטיקן פאַרברענט
און ווי פיל טעג אומזיסט צעזייטע
אין שווערן אומרו פון פיר ווענט
פאַרזען האָב איך די וועגן ברייטע

נאָר ווי געשליידערט אויפן ים
זיך טראָגט אַ שפּליטערל, אַ ברויזן
אַזוי אין ווידערקול פון גראַם
נאָך ציטערן פאַרבענקטע רויזן

פאַריז מיי 1965

## פרילינג

מיין האַרץ איז פול אין בלומען,
ווי ס'איז באַבלומט אַ בוים
ווען פרילינג איז געקומען;

אַרום איז חושך, בלוט
און ווילדע חיות ברומען,
נאָר פרילינג וועט דאָך קומען!

פאַריז, אַפּריל 1962

## פרילינג קומט איןווינטער

עס איז נאָך קאַלט די ערד
נאָר שוין עס שפּראָצן
שוין עס פּלאַצן נייע קנאָספּן
און בלעטעלעך שוין שפּיגלען אָפּ די זון אין דרייסטער גרינקייט
— נישט קומט מיט אייער האַק פאַרטיליקן דעם בוים!

עס איז כמעט נאָך ווינטער
נאָר שוין — פון מיאוסן ליאַלקע־וואָרעם
עס פּיקט אַ פלאַטערל זיך אויס
און קרייזט פון בוים צו בוים
און פרייט זיך מיט זיין שטיפערישן פלי
— נישט קומט מיט אייער נעץ עס פאַנגען.

מיר זיינען אַלע דאָ, אויף דעם פּלאַנעט געקומען נאָר דורך ליבע
דאָס קינד וואָס ניי־געבוירן שרייט און ציטערט
אין שווערן פאַרגעפיל פון צוקונפטיקע גרוילן.
ווען ס׳לעכצט נאָך וואַרעמקייט און האָפענונג
— נישט נעמט עס ביי די פּיסלעך, — און ס׳רונדע קעפּעלע
אָן וואַנט אים נישט צעשמעטערט!

פון אייביק אָן מיר זיינען ברידער
און אַלע מאָל דאָ שוועבט די ווונדער־ווייסע טויב
קוקט, קוקט ווי איבער אונדז זי שפּרייזט
אין רואיק — גראַציעזן פאָך פון בלענדנדיקע פליגלען
נישט קומט, נישט קומט מיט אייער פייל, נישט שיסט אַראָפּ די טויב!...

פּאַריז, מאַרץ 1965

# לעבן און ליבן

איך זאָג אייך — ליב האָבן באַדאַרף מען שטענדיק
פון יונג ביז אַלט
פון אָנהייב ביז צו ענדע
ווייל ליבע נאָר ביים לעבן אונדז דערהאַלט

וואָס איז אין לעבן דען געגאַרטער
ווי ליידנשאַפט און ליבע צאַרטע?

דורך ליבע גרינט די ערד און ס׳וואַקסן קווייטן
הערט צו אין אייער האַרץ די זיסע פלייטן
וואָס פירן אייך צום וועג פון גליק
נישט קוקט צוריק
נאָר גייט פאָרויס כסדר מיטן ליבע־שטעג

אין שווערן קאַמף, אינעם געיעג
דאָס לעבן — קורץ אַנטלויפט אַזוי געשווינד
איז לאָזט אייך פליען מיטן הייסן פרייען ווינט
פון ליבע
איר טאָרט קיין רגע נישט פאַרלירן.

אָן ליבע — שווער ווי בליי די פיין
און האָט נישט מורא לעכערלעך צו זיין
ווען מיט די פינגער ס׳גלוסט זיך אייך באַרירן
דאָס ליכטיקע געשטאַלט
און אויב איר זענט שוין אַלט
און ס׳ווילט זיך אייך דעם קאָפּ געליבטן טאָן אַ גלעט
ניט דענקט — עס איז צו שפּעט

נישט קוקט צי זענט איר גראָ, צי בלאָנד, צי שוואַרץ
— לאָזט שפּילן, צאַפּלען אייער האַרץ
דורך ליבע בליט דער בוים און ס׳ציט זיך דור צו דור
אַ יעדער זון־קאַיאָר
צינדט אָן אַ נייעם טאָג פאַר ליבן
פילט אָן אַ יעדע רגע וואָס געבליבן
מיט ליבע...
מיט ליבע...

פּאַריז 1966

# חנוכה - טאַנץ

(פאַר מאַריאַן)

לייכט אויף די שפּיץ־פינגער
טאַנצן קליינע קינדער
איינס פון צווייטן קלענער
איינס פון צווייטן שענער
גאָך און נאָך כּסדר
שפּרייזן פליגל־קליידער
טיול און ווייסער אַטלעס
צוגעגלעטע פּאַטלעס
ווי די קרוינען שטרענגע
הימל־בלויע סטענגעס
קעפּעלעך זיך בייגן
פיסעלעך זיך נייגן
הענטעלעך זיך שטרעקן
עפּעס אין מיר וועקן

זייער האָרץ אין גאַנצן
גיבן זיי דעם טאַנצן
שוועבן ווי די פייעס
פייעס וואָס באַגליקן
איז פאַר וואָס ווען כ׳זע עס
טרערן מיך גאָר שטיקן?

פּאַריז, חנוכה 1965

# טריאָ

שפּילט די פידל.
לאָזט אונדז הערן
יאוש, טרערן;
דאָך, איר סאַמעט־דינער קוואַל
איז פון פרייד אַ שטראַל.

ווײנט די וויאָלאָנטשעל
קלאָגט,
זאָגט
אַז ס׳לעבן איז אַ תל;
אויף איר אָנגעשטרענגטער סטרונע
אַלע ווונדן אויסגערונען,
אַלע קרעכצן אויסגעקרעכצט
די נשמה גאַרט, לעכצט
נאָך גליק

ווייס די הענט
— דער קלאַוויר האָט זיי דערקענט
און ער ציטערט
און ער זינגט
לויפן פינגער,
רעכטס און לינקס,
און זיי רופן
און זיי מאָנען
נישט פאַרגעסן,
זיך דערמאָנען.

פון די פלינקע, לייכטע גאַמען
צינדן אָן זיך נייע פלאַמען,
פון די פליענדיקע טענער
ווערט דאָס לעבן תיכף שענער.

דער אַקאַרד
ביים סאַמע סוף
ווי די האָפענונג
מונטערט אויף!

פּאַריז

# דער נביא

## פון לערמאָנטאָוון

פון זינט עס האָט מיך גאָט געבענטשט
געגעבן מיר דעם נביא־וויסן
איך לייען אינעם אויג פון מענטש
רשעות, זינד און בייז געוויסן

געפּרעדיקט בקול רם האָב איך
פון ליבשאַפט, אמת לערעס ריינע
נאָר אויסגעלאַכט זיי האָבן מיך
רציחהדיק געוואָרפן שטיינער

איך האָב באַשיט דעם קאָפּ מיט אַש
און בין אַוועק אין מדבר לעבן
ווי פייגל — אָרעם, ווייט פון רעש
איך לעב פון דעם וואָס גאָט וועט געבן.

עס פאָלגן מיך די חיות דאָרט
פאַרהיטנדיק דעם בורא׳ס ווילן
די שטערן הערן צו מיין וואָרט
און מיט די שטראַלן גליקלעך שפּילן

און ווען די טומלדיקע שטעט
איך אייל זיך דורכצולויפן גיכער
די אַלטע זאָגן: — „קינדער, זעט!״
און מיט אַ שמייכעלע, זעלבסט־זיכער:

„אָט איז אַ ביישפּיל צום פאַרשטיין!
דער שוטה וויל מיר זאָלן גלייבן
אַז מיט זיין מויל רעדט גאָט אַליין!
מיט גאַווה וואָגט ער זיך דערהייבן!

טאָ קוקט־זשע, קינדער, קוקט זיך אום
ווי ער איז נאַקעט, הויט און ביינער,
און אָרעם, אומעטיק ווי קיינער!
און ווי פאַראַכטעט אומעטום!״ —

איבערזעצט 1964

## מענטשן — מאַשינען

איך בין אַן עלעקטראָנישע מאַשין

איך בין פון אייזן
און אין דער זעלבער צייט
פון דינסטער זייד
כ׳קען אַלץ באַווייזן
כ׳האָב מעלות און חסרונות
כ׳האָב אַן אַ צאָל זכרונות

איך בין
אַן עלעקטראָנישע מאַשין
מיט אַלע אירע טיילן
כ׳קען רעכענען, כ׳קען ציילן
איך קען דערציילן
וואָס איז געווען און וואָס וועט זיין
כ׳קוק אומעטום אַריין
איך קאָן אין איין מינוט
אייך זאָגן צי ס׳איז שלעכט צי גוט
דאָס וואָס איר טראַכט צו טאָן

איך בין
אַן עלעקטראָנישע מאַשין
מיט שרייפעלעך און צוועקלעך
מיט קנעפעלעך און פלעקלעך
מיט נעגעלעך און שטיפטלעך
מיט גריבעלעך און היפטלעך
מיט שפיציקלעך און רינגלעך
מיט האַטשיקלעך און צינגלעך
מיט ווינקעלעך און קעסטלעך
מיט שפּעלטיקלעך און נעסטלעך
מיט אייגעלעך־אַנטענען
מיט פייערלעך וואָס ברענען
און ס׳איז באַוואָרנט יעדער טייל
מיט לעכעלעך פאַר אייל
מיט נערוון און מיט גלידלעך

איך אַרבעט אומדערמידלעך
איך אַרבעט גערן
דעריבער — כ׳מוז מיך נערן
איך מוז מיך שמירן צירן
כדי עס זאָלן בעסער פונקציאָנירן
די עלעקטראָנישע געהירן
יאָ, ווייל מיין כוח
— איז מיין מוח
מיט אים איך פלי פון אָרט צו אָרט
אָט בין איך דאָ, אָט בין איך דאָרט
איך פלי אין עבר, כ׳פלי אין צוקונפט
אין יאָר צוויי טויזנט
איך פלי צום מאַרס, צו דער לבנה
איך שרעק זיך נישט פאַר קיין סכנה
נאָר
— דער עיקר איז דער מאָטאָר —
ער קלאַפּט ער שלאָגט ער מוז כסדר שלאָגן
אַ גאַנצן טאָג אַ גאַנצע נאַכט
ביז ס׳הייבט אָן טאָגן
און ווייטער — טאָג און נאַכט
פון בין־השמשות ביז קאַיאָר
מוז דער מאָטאָר
אַלץ קלאַפּן קלאַפּן שלאָגן
אָן אים — כ׳וועל גאָרנישט קאָנען זאָגן
אָן אים — כ׳וועל גאָרנישט וויסן
און מעגט איר קוועטשן אויף די קנעפּלעך
און מעגט איר רירן אַלע לעפּלעך
די גאַנצע עלעקטראָנישע מאַשין
וואָס כ׳בין
— כ׳וועל שווייגן
כ׳וועל שווייגן ווי עס שווייגט אַ בוים
מיט אָפּגעהאַקטע צווייגן
ווי ס׳שווייגט אַ פויגל וואָס אַראָפּגעשאָסן
ווי ס׳שטומען ליפּן, וואָס פאַרשלאָסן
כ׳בין
אַ מאַשין

פּאַריז, 3 פעברואַר 1971

## די לבנה און די קאָסמאָנאָטן

1

שוין וויפל מאָל, לבנה,
איך האָב געשפּיגלט זיך אין דיין געזיכט?
געצאַפּלט פאַרן סוד פון מיסטעריעזן ליכט.
כ׳האָב ליב דיין בלאַסע שיין,
דיין דורכזיכטיקן בליק וואָס קוקט אַריין
אין די באַהעלטענישן טיפסטע פון געדאַנק.
— דו טרייסט, דו רעגסט, דו וועקסט פאַרלאַנג.

דער ים וואָס קוקט צו דיר האָט זיך פאַרקלערט
און אַלץ ווערט רואיקער, ווערט שענער אויף דער ערד

און איצט ווען ס׳פליט צו דיר „אַפּאָלאָ צען״
מיט פליער דריי אין מוראדיקן ברען
דערנענטערן צו דיר די מעכטיקע ראַדאַרן
אָ, מיין לבנה, זאָל עס דיך נישט אַרן!
און אויב דיין פלאַך ס׳וועט זיי געלינגען צו באַטרעטן,
וועסט סיי ווי זיין באַזונגען פון פּאָעטן,
און סיי ווי טאַנצן וועט דער בלויער טייך און קוועלן
ווען צאַרט דו וועסט באַרירן זיינע וועלן;
דאָס פעלד וועט ציען זיך צו דיר אין אַן עראָטישן באַגער
און גליקלעך וועלן צאַפּלען די געליבטע — זי און ער...

## 2

די גאַנצע וועלט האָט נאָכגעקוקט
מיט שרעק אין אויג, מיט האַרץ וואָס צוקט,
ווען ס'איז „אַפּאָלאָ עלף" געפּלויגן.
געשווינדער פון אַ פייל פון בויגן.
און פרייער פונעם ווינט!
אַ בליץ וואָס צינדט!
ער שפּאַלט דעם הימל, פליט!

זיי קומען אָן... מיט טאַנצנדיקע טריט
באַטרעטן דיך, לבנה, ווי מלאכים שפּרייזן...
ווי מענטשן אָבער — שוין זיי זוכן גאָלד און אייזן
און שטעקן אָן דיר זייער לעכערלעכע פאָן —
זעט, מענטשן, וואָס מיר קענען טאָן! —
גאָר קאָן פאַרשטעלן דען אַ פליג,
ווי גרויס עס זאָל נישט זיין דער זיג
פון ברענענדיקן לאָמפּ די קלאָרע שיין?

נישט ציטער, אָ, לבנה, — אייביק וועסטו זיין!
און אייביק וועט דיין כישוף צויבערן אונדז אַלע —
דו ביסט די קעניגין, די נאַכטיקע, די איינציקע — טאָטאַלע!

פּאַריז, יולי 1969

# אַן אויסגענוצטער גראַם

ס׳האָט זיך געחלומט מיר אַ חלום
וועגן שלום.
— חלום — שלום —
אַן אויסגענוצטער גראַם.
נאָר אָפּט — איך האָב באַמערקט — ס׳איז גאָרנישט סתם
וואָס איין וואָרט גראַמט זיך מיטן צווייטן:
למשל — שמעקנדיקע קווייטן
מיט — זינגענדיקע פלייטן,
צי — שעמעוודיקע ליבע
מיט — טרערן טריבע,
האַס
מיט — כעס,
נקמה
מיט — מלחמה;
ווער שמועסט נאָך וועגן — וועלט —
וואָס גראַמט מיט — געלט
צי — נויט?
וואָס לעכצט נאָך ברויט,
און דינט דעם טויט
און וויפל נאָך?
און וויפל נאָך...

ניין, קיין שום גראַם איז נישט אומזיסט;
עס גראַמען זיך נישט, ליידער, ייד און קריסט.
נאָר — יידן —
גראַמט זיך דאָך מיט — פרידן
און זעט אַליין! — ישראל
מיט — נתפעל!
און ווען דאָס וואָרט — אַראַבער —
זאָל וועלן גראַמען זיך מיט — חבר...

אַך, ס׳האָט געחלומט מיר אַ חלום
וועגן זיסן, שטילן שלום!...

פּאַריז 1969

# טיטאַנען

הוליען שדים
פלעכטן פעדים
ציען דעם שטריק
צוריק
קניפן, בינדן
שרפות צינדן
אינעם וויכער
ברענען ביכער,
שדים ווילדע
רייסן בילדער
ברעכן שילדער.

כ'הער פון דאַנען
די טיטאַנען
הילכן, שפּאַנען,
שטיוול קלאַפּן
כ'הער אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן
בלוט זיך צאַפּן
קינדער שרייען
פליען בלייען
ביקסן שפּייען

שליידערן פייער
וועמען ס'איז דאָס לעבן טייער
וועט דען לאָזן זיך צעטרעטן ?
כ'זע ווי ס'וועלקן גראָזן, קווייטן
נייע שדים
פלעכטן פעדים
ציען דעם שטריק
הין און צוריק
כ'זע פון דאַנען
ווי זיי טאַפּטשען רויזן און טיולפּאַנען
כ'זע די זאַנגען זיך אין רויטן פאַרבן
כ'זע ווי מענטשן שטאַרבן, שטאַרבן...

ס'וועלן אָבער קומען נייע
קעמפער פרייע
וועמען ס'איז דער אמת טייער

און אַרויפגיין אַלע שטיגן
און אין סוף פון אַלע קריגן
זיגן !

1956

## אַליין

איך ווייס פאַרוואָס עס פאַלט אויף מיר אַן אימה
ווען כ׳בלייב אַליין.
אַליין מיט זיך אַליין,
ווי ס׳איז אַליין פון ים אַ טראָפּן,
וואָס פאַלט אַריין אין זאַמד;
אַליין מיט זיך אַליין...
ווי ס׳איז אַ זעמדעלע אַליין,
וואָס פון זיין זאַמד־באַרג
ווערט פון ווינט אַוועקגעטראָגן;
אַליין מיט זיך אַליין,
אַליין אין אייביקייט...

ווער בין איך?

## ביי נאַכט אַליין

אַליין מיט זיך אַליין איז שרעק.
אַליין מיט זיך אַליין
איז מורא, פחד, אומעט.

אַט זע, ווי אין די ווינקלען שטייען עלנט־שאָטנס,
אַט זע, ווי פון דער סטעליע
אומזעבאַר, איינזאַם קוקט אַראָפּ אַ בליק,
און ס׳רינגלען דיך אַרום די ווענט
פון איצט, פון פריער, פון אַמאָל, פון שפּעטער
פון שטענדיק...

אַט זע, ווי גייסטער ווינקען צו דיין גייסט
און רופן דיך,
זיי שטרעקן אויס צו דיר די פינגער,
די הענט, די פליגל...
דו שווייגסט, דו ליגסט, די אויגן אָפן,
האָסט מורא,
האָסט מורא אַ קוק צו טאָן אויף רעכטס,
אויף לינקס, צום פענצטער.
דו וואָלסט געוואָלט די נאַכט צערייסן —
די נאַכט איז אָבער שטאַרקער
און די געשפּענסטער אירע
פאַרשטעלן דיר די שטערן,
די לופט,
זיך גנב'ענען צו דיין געלעגער
און רירן אָן דיין קאָפּ

און ס'דוכט זיך דיר, אַז מיטן אויסגעשטרעקטן פליגל
דו הייבסט זיך אויף פּאַמעלעך
און שוועבסט אַליין אין טונקל־שווייגנדיקע רוימען
אַליין מיט זיך אַליין
אַליין אין הימל ווי אויף ד'ר'ערד
אַליין ווי צווישן מענטשן, צווישן פריינד...
אַליין...

ווו ביסטו, אָ, נשמה מיינע?



איך האָב פֿאַרלוירן ס׳גלייכגעוויכט,
עס האָט אַ הילך מיין קאָפּ געטראָפֿן,
ס׳האָט אויסגעלאָשן זיך דאָס ליכט
און אַלע שטערן זיינען זיך צעלאָפֿן.

איצט זיינען מיינע חושים קרום,
ווי כ׳וואָלט געקוקט אין קרומען שפּיגל;
און אַ פֿאַרטראָגענע איך גיי אַרום,
און מאַכטלאָז הענגען מיינע פֿליגל!

ווו איז מיין לייכטער יוגנט־שווונג?
ווו איז מיין טאַנצנדיקער טראָט?
ווו איז מיין שטיפֿערישע צונג?
ווו איז מיין וואָרט, אָ, גאָט?!

פּאַריז 1974



איך בין האַלב —
האַלב בין איך געבליבן...
מיין האַלבער רוח איז אַנטפֿלויגן,
ווי ס׳פֿליט אַוועק אַ פֿויגל אין די הימלען

איך בין צעטיילט
— ווי פֿון אַ שטויס וואולקאַנישן
עס ווערט צעהאַקט אַ פֿעלדז;
ווי פֿון אַ בליץ — אַ בוים אויף האַלב צעשפּאָלטן,
און ס׳טריפֿט זיין זאַפֿט פֿוןביידע זייטן,
און ס׳קוקט איין האַלבער בוים צום צווייטן
און בענקט, און ציט זיך,
וויל זיך דערנענטערן
און קאָן נישט...
— איך בין האַלב
געבליבן האַלב

פּאַריז 1974



עס זיינען חנעוודיק די טריבע לייכטע פליגלען,
נאָר שווער די וואָג פון טרערן, טרויער
פון סוד, וואָס איז פאַרמאַכט מיט טויזנט ריגלען
פון שרעק און ציטער פאַרן אומגעהייער...



כ׳בין מער שוין דאָרט, ווי דאָ,
כ׳דערנענטער זיך אַהינצו יעדע שעה;
וואָס איז פאַר מיר דער היינט
אויב נישט דערוויטערונג פון דאַנען?
אין ליידן, שווערקייט שפאַנען, שפאַנען
צום זון־פאַרגאַנג וואָס פיינלעך שיינט...

און אפשר וועט גאָר זיין געבענטשט די שעה
ווען ס׳וועט זיך ענדיקן דער דאָ?
ווען היינט וועט קומען צו דער ענדע?
ווער ווייסט? ביז איצט האָט קיינער נישט געוווסט...
איז טאַקע ס׳לעבן אַזוי פשוט, פוסט,
אַן פאַרזעצונג און אַן לעגענדע?...

שבת, 6 דעצ. 1975

## אייביקייט

גאָר די וואָס נישט גלייבן
אין אייביקן לעבן
שרעקן זיך, ציטערן פאַרן טויט.
גאָר די וואָס נישט וויסן
— דאָס לעבן איז אייביק —
לעבן אין פּחד, אין מורא פאַר שטאַרבן

און אויב כ׳קאָן נישט זאָגן אין לעבן אין הארבן
אַז כ׳וויס וואָס שפּעטער וועט זיין,
אָבער כ׳קאָן פילן,
איך קאָן אָבער שפּירן
דאָס אָרט, ווו מיינע געדאַנקען מיך פירן,
ווו מיינע געפילן מיך ציען,
דעם נס וואָס אין טרוימען מיין האַרץ קען באַרירן...

איך פיל עס,
איך וויס עס,

און דער וואָס נישט ווייסט אַז דאָס לעבן איז אייביק
— וועט קיינמאָל די אייביקייט קענען.

פּאַריז 1976

## נאַקטיורן

ווי לאַנג האָב איך שוין נישט געזען דעם הימל און די שטערן.
מיר דוכט, און איך וואָלט שווערן,
אַז ס׳איז געווען זייער רוף
וואָס האָט אַ הייב געטאָן מיין מידן גוף
פון שלאָפלאָז־נודנעם בעט
און אים אַ שטויס געטאָן צום פענצטער;

ס׳האָט מיין נשמה שטיל געטאָן אַ גלעט
דער פּוכיק־ווייסער וואָלקן־סילועט
וואָס איז געשווומען אינעם הימל־אָפּגרונט;
די שטערן אַרום אים,
ווי דימענטן אַרום אַ קרוין,
מיט זייער צאַרטן פלאַטער האָבן איינגעשטילט מיין פּיין...

כ׳בין לאַנג אַזוי געשטאַנען,
אין יענער נאַכט;
כ׳האָב עפּעס ווי פאַרשטאַנען,
ס׳האָט עפּעס ווי געטרייסט מיין אומעט שווערן.

שוין לאַנג אַז כ׳האָב געזען דעם הימל מיט די שטערן...

חיפה, יולי 1964

## נאַקטיורן ב׳

ס׳איז האַרבסט — דער בלומענטאַנץ האָט זיך געענדיקט
און אַלע סאַמעטענע בלעטעלעך צעשמעטערט
נאָך פלאַטערט ערגעץ־ווו דער דינער ריח...
אָן האָפענונג איז געבליבן הענגען אויף די שטעכערס
פאַרוועלקט פאַרפוילט —
דאָס האַרץ פון רויז

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די נאַכט, — איז אויך מיין האַרץ אין גאַנצן נאַקעט...

בלויז...

## צי האָב איך שוין געזאָגט דער וועלט ?

צי האָב איך שוין געזאָגט דער וועלט
דאָס אַלץ וואָס כ׳האָב געוואָלט איר זאָגן ?
אין רואיק־בלוילעכע פאַרטאָגן,
אין בלוט־פאַרגאַנג, ווען מערב העלט.

אין נעכט אָן שלאָף, אין טעג וואָס יאָגן,
איר פלי די פלינקע צייט פאַרשנעלט
איך זוך אַ וואָרט וואָס איז פאַרשטעלט.
און וויפל קאָן איך נאָך פאַרמאָגן ?

צו זאָגן וואָס איך האָב געוואָלט,
ס׳קאָן זיין, כ׳וועל קיינמאָל בישט באַווייזן
נאָר איז דען נישט דאָס שווייגן — גאָלד ?

אַך, ס׳גלוסט מיר שטענדיק שרייבן ווידער
כאָטש שווייגנדיק די סודות שפרייזן
און זילבער נאָר — די שענסטע לידער.

פאַריז, מערץ 1969

# איך גיי אַרום אין לעבן

איך גיי אַרום אין לעבן ווי אַ קינד
ס'זאָל זיין איך האָב אַ קינדישע נשמה ?
די קינדהייט — אַן אַריינפיר, אַ הקדמה
צום לעבן וואָס אַנטלויפט אַזוי געשווינד

מען זאָגט — איך בין נאַאיוו, און אמת ס'איז מסתמא —
דאָס לעבן פליט, איז פלי איך מיטן ווינט,
איך הער זיך צו צום אייביקן אַצינד
ס'קאָן זיין, איך האָב אַ קינדישע נשמה

און ווען איך קוק צוריק — איך שטוין
ווי ווייט איך בין אַנטלאָפן שוין
איך בין אַ טייל פון טרוים, פון שפיל, פון סוד

מיט יעדער רגע רוקט זיך אָן די נאַכט
צי דענק איך ווי אַ קינד ווען כ'טראַכט
— מיין לעבן איז אין דיינע הענט, אָ, גאָט ! —

פאַריז 1968

# שלאָפֿט אַ בוים

שלאָפֿט אַ בוים אונטער׳ן שניי
שלאָפֿן די געפֿילן
וואַרט אויף זומער אויף דער זון —
זאָל זיך מיט אים שפּילן

שלאָפֿט אַ מענטש אונטער דער וואָג
פֿון געלעבטע יאָרן
וואַרט פֿאַמעלעך אויפֿן טויט
זאָל אים לייד פֿאַרשפּאָרן

חלומט זיך אַזוי דעם אַלטן
אַז ער איז אַ בוים
זיינע צווייגן — פֿול מיט זאַפֿטן
זיינע וואָרצלען — פֿול מיט קראַפֿטן
און ער שמייכלט אין זיין קאַלטן
אין זיין זיסן טרוים.

# אויסשטעלונג פּיקאַסאָ

גייען פיס
גייען פיס
בילדער
לעבן
אַ גאַנץ לעבן
שעמערירן
קאָלירן
רינגען רינגלען
פאַרבן פינקלען
געמיש
פאַרמיש
זיגזאַגן דרייעקן
פלעקן

אויגן־שפּיזן
קוקן ריזן
פון די ווענט
פיס צי הענט
אַ פּלאַקאַט
אַקראָבאַט
זשאַקלינע קוקט
פאַרצוקט

שיין מיאוס
מאָנסטער־פיס
היעראָגליפן
סודות מיפן
זילבער־ליכט
אַ געזיכט
אַך סילווי
דיין פּאָרטרעט
ס׳האַרץ גלעט

לעבנס־טיילן
אַלץ דערציילן
רעטענישן
קונץ־רעבוסן

אַלע צייטן
אַלע מאָסן
קובן־פּלאַנעטער
פּיראַמידן
ס׳איז אַ פידל

שיין און שאָטן
סטרונעס־דראָטן
חשכות כמאַרע
אַ גיטאַרע

לויכטן פּריזמען
שטילערהייט
ס׳איז אַ פּלייט

קריצן
נעפּל־שפּיצן
טויזנט־קעפּיקער כאַאָס
סוד און אמת
אַטאָם־אות

אָקסן ספערן
קאָסמאָס־ערע
ליבע־כישוף
פּאַלמע בלאָ
וואָס איז דאָ
קאָן ביינאַכט
דרום־פּראַכט

נאַטור־מאָרט
טונקל
אַ שאַרבן
רעכטס לינקס
ספינקס

קינד און טויב
צו גאָט אַ לויב

פּאַריז, פעברואַר 1967

## צו מאַרק שאַגאַל

אָ, וואַרף אַראָפּ אויף מיר אַ פליגל
און נעם מיך מיט מיט דיר אין פלי,
גיב מיר דיין האַנט און העלף מיר
זיך אויפצוהייבן לייכט פון דער פאַרשטויבטער ערד,
און שפרייזן אין דער שטילער נאַכט מיט דיר צוזאַמען,
און קוקן ווי עס שפרייטן זיך די דורכזיכטיקע רויכן
פון קרומע קוימענס אויף די דעכער פון דיין שטעטל,
און איינזאַפּן אין זיך די ריחות פון אַמאָל.

אָ, נעם מיך ביי דער האַנט און פלי מיט מיר
אין דער פאַרטונקלט־לאַנגער ווינטער־נאַכט,
באַלויכטן נאָר פון בלוי פאַרוויגטע פעלדער,
פון די גירליאַנדן שנייאיקע אויף אַלעביימער,
פון ווייסן פוך וואָס פאַלט, וואָס פאַלט, וואָס פאַלט,
באַדעקט די גאַנצע וועלט.

אָ, שטרעק מיר אויס דיין האַנט, דו, גרויסער גאון,
און לאָז מיך פילן דעם באַריר פון ווייכער קילקייט,
אין דופט פון דיינע רוימען לאָז מיך הערן
ווי ס'ווײנט דער גייסט פון פידל
אויף וועלכער דיין נשמה שפּילט,
דיין יידישע נשמה, ווו ס'וווינען אַלע דורות יידן.

מיט פּחד וועל איך נאָכפאָלגן דיין הימלוועג
וואָס דו אַליין נאָר האָסט געוואַגט צעווישן די מזלות,
זיי פינקלען בולט אויפן שוואַרצן סאַמעט פונעם אין־סוף,
אין קאָסמאָס אָפּגרונט פון די צייטן,
ווו ס'טאַנצן טאָג מיט נאַכט געאַרעמט
ווו אין אַ סדר אין אַן אייביקן די וועלטן
געהאָרכזאַם דרייען זיך.

דו וועסט מיך נעמען ביי דער האַנט,
מיר וועלן פליען אינעם נעפּל פון זכרונות,
מיר וועלן פאַרשן דעם תהום פון עבר,
און דאַן וועל איך דערזען מיין ווייטע קינדהייט,
און דאַן וועל איך דערזען מיין פריע יוגנט,
דערמאָנען זיך, דערקענען...

— — — — — — — — — — — — — — —

די קרומע קוימענס אויף די דעכער,
די שטיבעלעך אַריינגעטוליעט איינס אין צווייטן,
די אַלע מענטשן, אַלע קליינע קינדער:
אָט שווימען זיי אין רויך פון יידיש בלוט,
אין בלויקייט פון דער שטילער נאַכט
זיי זיינען נאַקעט,
זיי שעמעוודיק זיך וויקלען אין די לייכטע כמאַרעס
פאַרדעקן זייער סעקס מיטביידע הענט.

אָט זיינען זיי אַדורך געשווומען
און כ׳קאָן זיי מער נישט זען,
און כ׳קאָן זיך נישט דערמאָנען!
און כ׳קאָן זיך נישט דערמאָנען!...

אָ! וואַרף אַראָפּ אויך מיר אַ פליגל
און נעם מיך מיט מיט דיר אין פלי!

פּאַריז, פעברואַר 1962

# אײביקער רום דער װאַרשעװער געטאָ

איך בין צופֿרידן
װאָס כ׳געהער צו ייִדן
און נישט צו די הענקער.
דורך טיפֿע שטאַמען
פֿון טאַטן און מאַמען
כ׳דערגרײך צום סאַמע
װײַטן, צעזײטן
פֿאָלק דעם צעשפּרײטן.

אַמאָל מיט מײַן ייִדן
געריכט כ׳האָב דעם סדר
געפֿילט זיך פֿרײַ
פֿון שקלאַפֿערײַ.

איך בין מיט דער באָבען
געזעסן בײַ קינות
געװײנט איבער תּחינות
אוראַלטע קרבנות.

אין פּורים
אויסגעהערט תּפֿילות
אַלטע מגילות,
שװערע גזירות
פֿון אַחשורוש
— מרדכי האָט געװוּנען...

װוּ איז דאָס אַלץ?
עס איז צערונען
מיטן ביטערן זאַלץ
פֿון ייִדישע טרערן,
פֿון גרוילן, פֿון מיתות,
פֿון גאַזן־גסיסות,
פֿון מאַמעס געשענדטע,
פֿון קינדער פֿאַרברענטע,
פֿון פֿײַער און אַש.

יאָ, כ׳בין צופֿרידן
װאָס כ׳געהער צו ייִדן,
צום פֿאָלק פֿון מאַרטירער,
און נישט צו די הענקער!
כ׳בין שטאָלץ צו געהערן
צום פֿאָלק פֿון טרערן,
צום עם הספֿר,
צום פֿאָלק פֿון תּורה.

שײַנט די מנורה
— די מכבייער
װײַטע פֿאָרגײער
פֿון העלדישן געטאָ —
יאָר־טױזנטער שפּעטער,
דערװאַכט זײער דרײסט
שטײט אויף זײער גײסט.

זײ ציגדן צוזאַמען
דאָס פֿײַער פֿון צאָרן
װי ס׳פֿלאַקערט אין פֿלאַמען
דער אײביקער דאָרן.

װי די העלדישע ברידער
װעלן רומפֿולע לידער
די געטאָ באַזינגען,
װי ס׳קײַטלען זיך רינגען,
אָן ענדע, אָן ענדע
ביז צו לעגענדע...

און אײביק װעט בריען
דער װײַטיק און טליען...

## דער ציגייער

כ׳האָב ליב צו זען פונעם ציגייער
דאָס לויכטנדיקע פינטל פייער;
איך טו אַ צי,
און ס׳טוט דאָס פייערל אַ גלי,
און כ׳פלי אַוועק צוזאַמען מיטן דורכזיכטיקן רויך,
וואָס הייבט זיך לאַנגזאַם אין דער הויך,
וואָס שפרייט זיך, רוקט זיך צו דער וואַנט.

דאָס ציגאַרעטל אין מיין האַנט
ווערט קירצער, קלענער;
כ׳גיב נאָך אַ צי
כדי דאָס פייערל זאָל טאָן אַ גלי...
ס׳צעשיינט זיך, פינקלט העל
און כ׳טרעט אַריבער פון דער ווירקלעכקייט די שוועל...

פונקט ווי דאָס לעבן — ווערט דער דופט־ציגייער
פאַרברענט פון אייגן פייער,
פאַרוואַנדלט זיך אין אַש מיט שווערן ריח
גליט אויס... פאַמעלעך, לעשט זיך ווייך,
גייט לאַנגזאַם
באַנגזאַם

אויס.

## מיין מלאך

מיין מלאך וואָס געשלאָפן אַזוי לאַנג
האָט פּלוצלינג אויפגעוואַכט
געעפנט זיינע גרויסע בלויע אויגן
אַ צי געטאָן די ווייסע לאַנגע פליגל
און האָט געזאָגט מיט פרייד
— איך האָב געבראַכט דיר נייע לידער, טאַניע!

אויף דער שיף „פראַנס" 12 פעברואַר 1963

## אַ ליד

אַ ליד איז ווי אַ פלאַטערל וואָס פליט און זוכט די זון
אויך ווי אַ קינד וואָס לויפט דעם נאָך און קוועלט דערפון
אַ ליד איז ווי אַ ברייטער טייך וואָס שטיפט מיט לייכטע קוואַלן
און ווי זיך קייקלענדיקע טרערן ווען זיי לאַנגזאַם פאַלן

פּאַריז 1962

## איין טאָג

מיר זיינען ווי דאָס פליגעלע וואָס לעבט איין טאָג, נישט מער,
ווייל לעבט דען דער וואָס איז שוין מיד, שוין מער נישט יונג?
ס'פאַרקריפּלטע געזיכט לעשט אויס, צעטרעט דעם לעבנס־פונק,
צעטומלט דאָס געמיט און הרגעט דעם באַגער.

סען־זשערווע, פרילינג 1962

# אַ מאָל בין איך געווען אַ פריילעכער פּאָעט

אַמאָל בין איך געווען אַ פריילעכער פּאָעט
גאָטס פלאַקער האָט געפייערט אין מיין האַרץ
איצט איז עס אויסגעלאָשן און פאַרשטאַרצט
אַמאָל בין איך געווען אַ פריילעכער פּאָעט

דאָס פייער צו דערוועקן איז שוין שפּעט
די וווּנדן פון דער וועלט נישט מער מיך רירן
און ס׳גלוסט זיך מער נישט דענקען און נישט שפּירן
דאָס פייער צו דערוועקן איז שוין שפּעט

און אויב אפילו עפּעס צו מיר רעדט
און ערגעץ־ווו פאַרשטויבטע פונקען טליען
זיי קאָנען מיין נשמה מער נישט בריען
אפילו דאַן ווען עפּעס צו מיר רעדט

אַמאָל בין איך געווען אַ פריילעכער פּאָעט.

יולי — אויף דער שיף „ירושלים״ 1964



שווער צו לעבן מיט אַ שוואַכן גוף, מיט מידע גלידער
ווען דאָס האַרץ איז פול מיט יונגע לידער
שווערער נאָך צו טראַכטן אַז דער סוף מוז קומען
ווען אין האַרצן בליען בלומען.

פּאַריז 1960

## הילט מיך איין

הילט מיך איין אין עפּעס שווערס
כדי ס׳זאָל אין מיין לייב
די וואַרעמקייט זיך האַלטן.
לייגט אויף מיר אַרויף אַ לאַסט
כדי עס זאָל מיך נישט פאַרלאָזן
מיין לייכטער גייסט.

זאָגט, פאַר וואָס איז אַזוי קאַלט די לופט,
פאַר וואָס איז אַזוי גרוי דער שאָטן?
פאַר וואָס איז ווייט אַזוי די זון?
זאָגט,
פאַר וואָס איז גרויס אַזוי מיין ליבשאַפט
צום לעבן?...

פּאַריז, אָקטאָבער 1967

## אַ נאַכט ערב-פרילינג

די ביימער האָבן גאָר פאַרגעסן
אַז מאָרגן פרילינג קומט צו זיי
און האָבן אָנגעטאָן זיך שלייערס
מיט בלומען־דימענטן פון שניי...

און שטייען אין אַ שטילער ווייסקייט
אין צויבער פון אַ כישוף־רינג
און קוקן ווי עס פאַלן טרוימען
ווי פוך, ווי שטערן, לאַנגזאַם, גרינג

פּאַריז 1962

## דער סוד

װעלכער סוד איז פֿאַרבאָרגן
אינעם הײנט, אינעם מאָרגן?
אינעם גײן אַלץ פֿאָרויס,
װען דער װעג גײט צוריק?

און װאָס װילן אונדז זאָגן
די געהײמע פֿאַרטאָגן...
װעלכע סודות באַהאַלטן
אינעם הימל צעשטראַלטן
אין זײַן זוניקן גליק?

װאָס באַדײַטן מיסטערן
פֿונעם זײַן, פֿונעם װערן?
פֿון זיך רײַסן אַרויף?
פֿונעם אימפּעט פֿון סוף?
פֿונעם אומשולד פֿון װיג?

װעלכער סוד?

1945

## דער װעג װאָס מיר זײַנען געגאַנגען

דער װעג װאָס מיר זײַנען געגאַנגען אַמאָל
געװען איז מיט בלומען געצירט בײַ די זײַטן
װי גוט ס'איז געװען אונדז צו שפּאַנען אין טאָל
אַנטקעגן די הױכע פֿאַרנעפּלטע װײַטן.

מיר זײַנען דערגאַנגען העט אױבן צום שפּיץ
מיר זעען — דער װעג — אַ צעלאָזענע סטרונע
איז פּלוצעם אַװעק אין תהום װי אַ בליץ
מיר גײען אַראָפּ — מיר דערװאַרטן דעם דונער.

פּאַריז 1968

## דאָס געזאַנג

ווען איך וועל ווערן אַלט, גאָר אַלט,
ווען לעבנס־קראַפט שוין פאַלט, שוין פאַלט,
און איך וועל ווערן מידער, מידער,
דאַן וועלן בלייבן מיר נאָך מיינע לידער,
ווי ס׳שמעקט אין האַרבסט דער גרינלעך־געלער וואַלד.

ווען כ׳וועל נישט זיין שוין מער, פון לאַנג, פון לאַנג,
וועט אפשר עמעצן אויף אַ מינוט טאָן באַנג
נאָך מיר און מיינע לידער,
און דאַן וועט ער דערהערן ווידער
דאָס זילבער־שטילע קול פון מיין געזאַנג.

לאַ קופּאָל, פּאַריז 1961

## דער דיכטער

אַ דיכטער מוז כסדר בלייבן יונג
ווי טאָר ער עלטער ווערן
נישט פילן מער און נישט דערזען
די קלאַנגען נישט דערהערן

אַ דיכטער קאָן נישט ווערן אַלט
ווייל קוקט ער אויפן לעבן ניכטער —
איז ער אויס דיכטער.

1964

## דאָס קורצע גליק

האָט איר ליב צו קוקן ווי מען טאַנצט ?
ווי דאָס אייגעלע פון מיידל גלאַנצט
ווען דאָס ייִנגל לייגט זיין האַנט אַרום איר טאַליע
זאָל זי הייסן אָלגאַ, רייזל צי ראָזאַליע

אויפן ייִנגלס אַקסל ס׳מיידל לייגט איר הענטל
מעג ער הייסן שאַרל, זשאַן, צי מענדל
און אַזוי באַהאַפטן איינער צו דעם צווייטן
האָרכזאַם פאָלגן נאָך די פידלען און די פלייטן

אויף די כוואַליעס פון מוזיק
שוועבן זיי אין קורצן גליק

פּאַריז, נאָוועמבער 1965

## דער פּאָעט

צי קען דען וויסן דער פּאָעט
וווּהין עס וועט זיין וואָרט אים פירן ? —
דאָס וואָרט וואָס פּלוצלינג קומט צו אים,
פאַרפּלייצט דאָס האַרץ און די געהירן.

אַזוי בישט ווייסן זייער וועג
פון אונטער ד׳ר׳ערד די ריינע קוואַלן,
נאָר שפּעטער קומען זיי אַרויס
און שפּיגלען אָפּ די זונען־שטראַלן.

פּאַריז 1962

## אין דאָרף

קאַיאָר, ווען ס׳וועקט מיך אויף דער האָן
— מיין האַרץ קוועלט אָן

און ווען דער שפּערל האַלט אים אונטער
— מיין האַרץ ווערט מונטער;

ווי שטיל עס איז אין דאָרף, ווי שטיל,...
ווען ס׳שפּילט די גריל,

אין גראָז וואָס פּייכט;
ווי לייכט עס איז צו גיין, ווי לייכט

און מיינע פיס דאָס גראָז נאָר גלעטן
די חיה׳לעך איך זאָל חלילה, נישט צעטרעטן

איך גיי אַזוי מיר, גלאַט אַזוי...
ווי שיין עס איז די וועלט פון גאָט ברוך שמו.

לאַ ריפּ, יולי 1968

## דער צוזאָג

מיין בוים — אַ ריזיקער בוקעט
האָט אָנגעטאָן דעם ראָזע פרילינג־טואַלעט
און יעדע בלום מיט איר צעצוויצעט קעפּל
זאָגט צו אַן עפּל!

אַפּריל 1967

## וואָס טויג?

וואָס טויג איך זיך נאָך גליקן יאָגן
ווען ס׳שיינט די זון אויף באַרג און פעלד?
אוי, קינדער, כ׳וויל איך עפּעס זאָגן —
ס׳איז גוט צו לעבן אויף דער וועלט!

סען־זשערווע 1962

## לייק אַסקאָוואַנאַ

איך האָב ליב אָט־דאָ אין דאָרף;
כ׳דאַרף נישט האָבן דעם ניו־יאָרקער זשום;
איך האָב ליב דאָס שטיבעלע אין וואַלד
און דיביימער, מיינע גרינע פריינד, אַרום

פון ניו־יאָרק די שווערע היץ
דריקט מיך, וואַרגט מיך — דאָ איז זיס און שטיל
דאָ — די היץ איז ווי אַ מאַמעס קוש,
און עס שפּילט פאַר מיר מיין חבר׳טע, די גריל.

יולי 1949

## אַ קרוג פון פאָרצעליי

מיין האַרץ איז יונג און מיין נשמה פריי
מיין שוואַכער קערפּער אָבער האַלט מיך ווי מיט צוואַנגען
אַזוי אַ יונגע רויז וואָס בליט אין מיי
איז שוין אין קרוג פון פאָרצעליי
געפאַנגען.



ניין, נישט דערפֿאַר וואָס כ׳זוך נקמה
וואָס קאָן נאָך מער פֿאַרלענגערן דעם בלוט־פֿאַרגוס
נאָר כ׳וויל נישט שטענדיק זיין דער קרבן,
דער ציל פֿון אַ סאַדיסטישן גענוס

פּאַריז

## די וועלט איז שיין

די וועלט איז שיין
נאָר גאָרנישט ס׳האָט מיט מיר צו זאָגן
די לופֿט איז ריין
נאָר ס׳מאַכט מיין האַרץ נאָך שטאַרקער נאָגן.

1976



וואָרט פֿון וואָרט אַנטלויפֿט
דעריבער שווייגן אַלע מיינע ליפּן
שלאָפֿט דאָס האַרץ
און נאָר דער מוח
וואַנדערט, וואַנדערט אין די וואָלקנס
פֿאַלט צוריק ווי טרערן

יולי 1966

## דער שפּערל פון תל-אביב

דער שפּערל פון פּאַריז פאַר טאָג האָט מיך געוועקט
מיט שטילע צאַרטע פּלייטן פון זיין ליד;
דאָ — כ׳האָב זיך צוגעהערט צום שפּערל און אַנטדעקט
אַז זיין געזאַנג איז אין עברית

זיין צונג איז פלאַם, די טענער — פּערל,
ער פּאָדערט, ער באַפעלט, ער רופט
צי מיינט ער דעם פּאַריזער שפּערל?
באַצויבערט אים מיט הייסן דופט?

תל־אביב — פּאַריז 1964

## דער אמת

דער אמת האָט פאַרשטעקט זיך אין אַ לאָך,
איך זוך און זוך אַ גאַנצע וואָך,
און נאָך אַ חודש מיט אַ יאָר
און קאָן אים נישט געפינען גאָר.
איך זוך — און ער, דער אַלטער שטיפער,
באַהאַלט זיך ווייטער אַלץ און טיפער.

סען־זשערווע 1962

## די נביאים

ווו זיינגען די נביאים?
ס'איז אַ שאָד!
— עס איז נישטאָ שוין מער ביי גאָט אין סאָד.
דערפאַר, אויף זייער אָרט, צעווישן רויזן, וויאָלעטן
דאָרט בליען וווּנדערלעכע יידישע פּאָעטן.

פּאַריז, פרילינג 1962

## פון פּושקין

(איבערזעצונג)

פּאָעט, וואָס טויג דיר מענטשן זאָלן ליבן דיך און אַכטן?
ס'וועט שנעל אַוועק פון בעסטן לויב דער קורצער זשום;
ס'וועט משפּטן דער נאַר דאָס ווערק דאָס אויסגעלאַכטע,
נאָר דו בלייב פעסט און רואיק, שווייגנדיק, ווי שטום.

## דאָס בעסטע וואָרט

אַ וואָרט דאַרף זיין דאָס בעסטע
אויב נישט — וואָס טויג עס?
און ווען אין גאַנצן גאָר ניט שרייבן וועסט דו
ווער וועט זיין ברוגז?

סען זשערווע 1962

# טעלעוויזיע

טעלעוויזיע.
בייע וויזיע
ציט מיך צו צו זיך,
און זי צויבערט מיך,
און איך קוק אויף איר,
און זי קוקט אויף מיר
און זי ווינקט צו מיר,
און זי זינגט צו מיר,
און זי וואָרנט מיך,
און זי לערנט מיך —
וואָס איך קויפן זאָל,
וואָס איך ברויכן זאָל,
וואָס איך לייענען זאָל,
וווהין גיין איך זאָל...

אָבער קאָן איך דען
ערגעץ גיין פון שטוב,
אָבער קען איך דען
עפּעס לייענען,
ווען איך האָב ביי מיר
טעלעוויזיע ?
און איך האָב צו זען
און צו זען אָן סוף
ווידער נאָך אַ מאָל
טעלעוויזיע.
און זי נעמט מיך מיט
אינעם רייזע־וועג,
און איך פאָר מיט איר
איבער גאָר דער וועלט ;
און איך שווים מיט איר
אונטער ימים טיף,
און איך פלי מיט איר
אין די הימלען הויך ;
און איך זע, ווי ס׳לעבט
אָט־די ברייטע וועלט ;
און איך זע, ווי ס׳קעמפט
דער געדריקטער קנעכט ;

און איך לייד מיט זיי
און איך וויין מיט זיי,
ווען מען הרגעט זיי,
ווען מען פּייניקט זיי ;
און איך פריי זיך ווען
זיי באַפרייען זיך.
און אָט זינגען זיי,
און אָט טאַנצן זיי,
און איך קוק אויף זיי
און איך לאַך מיט זיי

טעלעוויזיע,
בייע וויזיע,
ציסט מיך צו צו זיך
און איך קלעפּ צו דיר,
ווייל איך זע ווי ס׳לעבט,
ליידט די גאַנצע ערד.
ערגעץ לויפן זיי,
ערגעץ פליען זיי.
נאָר כ׳דערזע ווי כ׳זיץ,
כ׳זיץ און קוק אויף דיר ;
כ׳זיץ און כ׳ריר זיך נישט
און איך פאָר נישט גאָר,
און איך פלי נישט גאָר,
און איך גיי נישט מער ;
און איך לייען נישט מער,
און איך לעב נישט מער.
נאָר איך קוק אויף דיר,
נאָר איך הער צו דיר,
ווען דו רעדסט צו מיר,
ווען דו זאָגסט צו מיר,
וואָס איך ברויכן זאָל,
וואָס איך קויפן זאָל,
וואָס איך לייענען זאָל,
וווהין גיין איך זאָל.
בייע וויזיע
טעלעוויזיע.

## אַבסטראַקציע

איז עס אַ פאַרזעעניש ?
אַן אומפאַרשטייעניש ?
אַ יינגל צי אַ מיידל ?

און טאַקע, וועמענס עסק
צי ס׳איז אַ מאַן, אַ פרוי ?
אפשר בעסער גאָר אַזוי ?

עס שטייט אין דער ריי
אַ מענטש אַ נייער
מיט נייע רעפלעקסן
פאַרמישטע סעקסן
מען ווייסט ניט מער
אַ זי — צי אַן ער

איז עס אַ מיידל מיט אַ שויבער ?
ווו איז איר מיידלשער צויבער ?

איז עס אַ יינגל,
פאַר וואָס אין זיין אויער אַ רינגל ?
אמת, די האָר זיינען לאַנג
אָבער מענעריש דער גאַנג...
גאָר אויף די הויזן — רויזן

און ווי אַזוי ביי זיי
ביי אָט־די צוויי
נישט פרוי, נישט מאַן
וועט אויסזען דער ראָמאַן ?
מיט אַ נייעם רייץ,
מיט אַבסטראַקטן פאַרפלייץ ?

איז דאָס דער וועג
צו בעסערע טעג ?

פּאַריז 1966

## ס׳ליגט אין מיר אַ צענדלינג פרויען

ס׳ליגט אין מיר אַ צענדלינג פרויען:
יעדע מיט איר שטריך
קוקט אַרויס פון אויג דעם בלויען
אָט אַזאַ בין איך

כ׳בין אַ רעכטע
און אַ לינקע
כ׳בין אַ פוילע
און אַ פלינקע
כ׳בין אַ קאַרגע
און אַ מילדע

אַ געלאַסענע
אַ ווילדע
כ׳בין אַן אויפמערקזאַם־צעשטרייטע
כ׳בין אַ פידל, כ׳בין אַ פלייטע

איינס דאָס אַנדערע פאַרטרייבט
אָבער ס׳ריכטיקע פאַרבלייבט
דאָס וואָס העלפט צום קאַמף, צום גלויבן
און וואָס הייסט מיר: „זיי דערהויבן״!
דאָס וואָס איז פון אַלץ מיר ליבער —
ס׳איז דער דיכטערישער פיבער!

פּאַריז, אַפּריל 1965

## דער פרילינג און איך

אַך, דער ערשטער צווייג מיט בלומען!
סאַראַ נחת!
מיטן יונגן, קלוגן פרילינג
כ׳מאַך יד־אַחת

ער וועט בליען — איך וועל קוקן
און וועל גאַפן

ער וועט מורמלען מיר די ווערטער
פון מיין שאַפן

כ׳וועל דערפאַר פון אים כסדר
שרייבן ווידער

ער וועט צירן מיט די שטראַלן
מיינע לידער.

פאַריז, אַפריל 1965

## אויסצוג פון פושקינס אַ מעשה

(איבערזעצונג)

מיידלעך דריי ביים פענצטער נאַענט
וועבן לייוונט שפעט אין אָוונט.

„ווען דעם קייסער כ׳זאָל געפעלן", —
זאָגט די ערשטע, — „וואָלט איך וועלן
לייוונט אָנוועבן, איך מיין,
פאַר דער גאַנצער וועלט — אַליין".

„ווען כ׳זאָל זיין דעם קייסערס פרוי״
— זאָגט איר שוועסטערל אַזוי, —
„פאַר דער גאַנצער וועלט מיט פרייד
כ׳וואָלט אַ סעודה צוגעגרייט״.

„ווען די קייסערין כ׳זאָל ווערן״ —
זאָגט די דריטע — „כ׳וואָלט נישט קלערן,
און כדי דעם האַר זיין ליבער
כ׳וואָלט געבוירן אים אַ גיבור״.

זי פאַרענדיקט נאָר די רייד,
טוט אַ סקריפּע שטילערהייט,
און עס עפנט זיך די טיר,
און דער קייסער שטייט פאַר איר.

(בעתן שמועס, די גאַנצע צייט
איז געשטאַנען ער נישט ווייט,
און די ווערטער פון דער לעצטער
גאָר אַם בעסטן האָט געשעצט ער)

„אַ גוטן אָוונט — זאָגט ער — שיינע!
זיי די קייסערין דו איינע,
און געבוירן מוזסטו אָבער
מיר דעם גיבור פאַר אָקטאָבער!״

און איר, שוועסטערלעך, פון דאַנען
מוזט פאַרנעמען זיך, פאַרשטאַנען?
זאָל די ערשטע וועבן גיך,
און די צווייטע — הייט אין קיך!

## אַ לויב צו פרילינג

די ערשטע, די פּאַריזער פרילינג־נאַכט
האָב נישט געקאָנט איך שלאָפן,
דאָס פענצטער האָב געלאָזט איך אָפן;
אין דרויסן איז געווען אַ רעגן און אַ נעץ,
אין הויף געשריען האָט אַ מחנה קעץ.

איך האָב געהערט ווי טראָפּנס רינען,
און ווי אַ קעצל מיט אַ קולעכל אַ דינעם
האָט ווי אַ קינד געוויינט אין אַ געוואַי
— אוי, אוי...
און ווי איין קאָטער
האָט פון דעם אַנדערן געוואָלט וואָס גיכער ווערן פּטור;

פון אייפערזוכט און צאָרן
זיי זיינען הייזעריק געוואָרן;
און איינציקוויז און אַלע מיט אַ מאָל, צוזאַמען
געקוויטשעט ביז די העכסטע גאַמען.

זיי האָבן נאָכגעפאָלגט דעם מעכטיקן געזעץ
עס מוז געבוירן ווערן נייע קעץ.
דער רעגן מיט זיין מוטיקן געזאַנג
האָט אָנגעזאָגט אַז פרילינג איז אין פולן גאַנג.

פּאַריז, 21־טער מאַרץ 1964

# די עלטער

וואָס איז עס גאָר
— זיבעציק יאָר?
ווען מען וואָלט געוווּנדערט
מען זאָל לעבן הונדערט?
ס׳איז נישטאָ קיין כּוח?
אָבער שאַרפער דער מוח.
ס׳איז שוואַך דער זכּרון?
עס איז נישט קיין חסרון;
וואָס קומט דען אַרויס
ווען מען מאַטערט זיך אויס
אַלץ צו געדענקען?
און בענקען, בענקען
נאָך דעם וואָס פאַרגאַנגען?
נאָך אַלטע פאַרלאַנגען,
נאָך יונגע געזאַנגען?
איז דען נישט בעסער
פאַרוואַרפן די שלעסער
וואָס שליסן די טירן
צו סוווענירן?
איז דען נישט גלייכער
צו לאָזן זיך לעבן
מיטן מאָמענט?
אַלץ צו פאַרגעבן,
פאַרגעסן וואָס גיכער...
אין לעבנס־וויכער
פליען די טעג,
ווערט אַלץ שמעלער דער וועג.
איז לאָמיר טאָן
גלייך, ווי ס׳גייט אונדז נישט אָן
און לעבן דאָס לעבן
וואָס אונדז נאָך געגעבן.

## דאָס אַלטע פראַנצייזישע הויז

עס האָבן קיין מאָל אָט־די ווענט
נאָך נישט געהערט קיין יידיש וואָרט.
ווי מאָדנע ס׳קלינגט!
ס׳איז גאָרנישט ווי פראַנצייזיש...
ווי שיין די קליינע קינדער זאָגן:
— „באָנזשור מאַמאַן!", „באָנזשור פּאַפּאַ!"
צי ווען די יונגע שעפּטשען:
„זשע ט׳עם, שערי, אַמור טוזשור..."
און דאָ — גאָר יידיש?!...

ווי אַנדערש ס׳איז,
און גאָרנישט אַזוי מיאוס...
און דוכט זיך — ס׳איז אפילו שיין,
ס׳האָט אַ געוויסן חן...

און ס׳שטרענגען אָן די ו׳ענט די ווינקלען,
און מיט די בלימל־אייגעלעך זיי פינטלען;
זיי כאַפּן אויף מיט זייער שטיינערנעם געפיל
די אייביקע, מעג זיין אין יידיש, סעקסן־שפּיל.
מיט חידוש
די סטעליע קוקט אויף דער אַלט־יונגער פּאָר —
— אין יידיש ליבן זיי זיך גאָר?! —

די גאַנצע שטוב — די פענצטער, טירן און דער דיל,
וואָס אין אַ ריין פראַנצייזיש־שטרענגן סטיל,
זיך הערן צו און קוקן ווי אָן ווערטער, שטיל
ס׳אַלט־יונגע פּאָרל זאָגט זיך: „כ׳האָב דיך ליב"
אַנשטאָט: „זשע ט׳עם".
און ס׳אַלטע הויז, עטוואָס אין כעס, זיך טראַכט:
קאַ־מעם!!!

# דאָס וואָרט און די זאַך

וואָרט איז אָנהייב.
וואָרט איז שפּראַך.
פאַרזעצונג — דאָס איז די זאַך.

קאָן מען זאָגן דען אַ זאַך
אָן אַ שפּראַך ?

נאָר אַ יעדעס וואָרט איז שוואַך
אויסצומאָלן אונדז די זאַך —
און די זאַך
נייטיקט זיך נישט אין קיין שפּראַך,
ווייל זי איז פאַר זיך אַ זאַך

אמת, אַ באַזונדער אָרט
האָט דאָס וואָרט ;

אָבער לעבנס־פרייד אַ סך, אַ סך
גיט די זאַך !
זאָגט מיר טאַקע, וועלכע זאַך
קאָן זיך גלייכן מיט דער זאַך ?

מאַן און ווייב אונטער איין דאַך
לעבן גליקלעך מיט דער זאַך.

צאַרטקייט ?... פריינדשאַפט ?...
לאָזט געמאַך !
ווייל דער עיקר איז די זאַך !

און ווען שפעטער, ווען שוין שוואַך
שוין אומפּייאיק צו דער זאַך,
אַך...
און עס קומט צום וואָרט
דאָס וואָרט
איז דאָס וואָרט אפילו פלאַך!...
אָן אַ שמייכל, אָן אַ לאַך...
ווייל עס פעלט דעם אויס די זאַך...

יעדעס פאָלק פאַרמאָגט זיין וואָרט
נאָר דאָס וואָרט צעטיילט די פעלקער...
אָבער ס'איז פאַראַן איין זאַך
וואָס פאַראייניקט זיי — די זאַך —
וואָס באַליבט אין יעדן לאַנד, אין יעדן שיכט
אין יעדן פאַך
יעדער איינער אויף זיין שפּראַך
זינגט דער זאַך
אַ שבח.

ניין, איך זאָג אייך, קיין שום זאַך,
קיין שום וואָרט,
מעג עס זיין דאָס שענסטע וואָרט
פונעם בעסטן אַלמאַנאַך,
קאָן זיך נישט פאַרגלייכן מיט דער זאַך!

פון דער וועלט דער אונטערגאַנג
וואָלט געזיגט שוין לאַנג, שוין לאַנג,
ווען עס שטייט נישט אויף דער וואַך
— די זאַך!

פּאַריז, נאָוועמבער 1969

## ערשטע ליבע

1

ווען אדם האָט געעפנט זיינע אויגן
האָט ער דערפילט אַ לייכטע וויטיק אין זיין לייב,
און גלייך דערזען אַז איבער אים געבויגן
שטייט אַ באַשעפעניש אַ מאָדנע, — ס׳ערשטע ווייב.

שנעל אויף די פיס איז אדם אויפגעשפרונגען
— זי זען וואָס גיכער — ר׳איז געווען טשיקאַווע.
„כ׳בין אדם! — האָט ער פריילעך אויסגעזונגען,
„און איך; — האָט זי געענטפערט — „איך בין חוה!"

זיי האָבן זיך גענומען ביי די הענט
און לאַנג געקוקט איינס אויפן צווייטן;
אַרום ס׳גן־עדן האָט געפינקלט און געבלענדט
אין דופט פון רויזן, וויאָלעטן־קווייטן.

עס זיינען אָנגעלאָפן חיות אַלערליי
כדי וואָס שנעלער זען דאָס נפש נייע;
מיט אדמען צוזאַמען האָבן זיי
באַוואונדערט אָט־די שיינע, שטאַלטנע חיה.

עס איז געווען דאָ לייבן, בערן, פיקסן,
און פייגל — אָדלערס, שוואַנען, פּאַוועס...
ווי שיין האָט צווישן ביימער, בלומען און געוויקסן
אַרויסגעשיינט דאָס פּנים חוה׳ס.

באַוואונדערט האָבן אַלע איר געשטאַלט,
איר הויכע ברוסט און גאָלדן־לאַנגע האָר,
איר שלאַנקן פוס און דעליקאַט געהאַלט.
באמת — ס׳איז געווען אַ שיינע פּאָר!

געבענטשט פון גאָט אין ליכטיקן גן־עדן
זיי האָבן זיך ווי קינדערלעך געשפּילט,
און קיין מאָל, קיין מאָל נישט געוואָלט זיך שיידן
אין ליבשאַפט, אין געלעכטער איינגעהילט.

אַזוי צוזאַמען האָבן זיי פאַרבראַכט
און נישט געוווּסט וואָס ס'איז אַזוינס אַ טרער:
ביי טאָג אַרומגעלאָפן און געלאַכט,
ביי נאַכט געשלאָפן ביידע אָן באַגער.

## 2

ביז איין מאָל — חוה איז געלאָפן שנעל און שלאַנק,
און פּלוצלינג זעט — זי איז ביים עץ־הדעת
דאָרט, צוגעשפּאַרט צום בוים אַ שלאַנג
וויגקט צו די עפּל און, כלומרשט פאַר אַ שפּאַס

איר זאָגט: — פאַרזוך עס חוה, וועסטו זיך דערוויסן... —
נאָר חוה האָט געוווּסט אַז אַ פאַרבאָט
דערלויבט נישט פונעם עפּעלע געניסן,
זי האָט געשראָקן זיך פאַר גאָט!

נאָר אָפּטרעטן די שלאַנג האָט נישט געוואָלט:
„רייס אָפּ אָן עפּעלע! נעם עס אין מויל!
אָ קלוגע חוה! ס'איז דאָך גאָלד!
פאַרזוך, וועסט זען — ס'וועט זיין דיר גוט און וויל!"

און ס'האָט די שלאַנג געמוטשעט חוה'ן אַזוי לאַנג,
ביז חוה האָט דאָס עפּעלע גענומען,
און שנעל אַנטלאָפן פון דער שלאַנג
צוריק צו אדמ'ען געקומען.

זי האָט מיט אים געוואָלט עס טיילן,
ווי שטענדיק אַלץ — האַלב מיר, האַלב דיר!
— און חוה האָט גענומען אים דערציילן...
נאָר אָדם האָט צעשריגן זיך אויף איר:

(דאָס ערשטע מאָל איז ער געווען אין כעס)
— „אומגליקלעכע, וואָס האָט זיך דיר פאַרגלוסט?!
ס׳איז דאָך דאָס עפּעלע פון עץ־הדעת
פון גאָט פאַרבאָטן! האָסט דאָך עס געוווּסט!!!״

יאָ, חוה האָט געוווּסט... נאָר חוה האָט געוואָלט
מיט אָדמ׳ען פון עפּעלע געניסן,
און גלייך אויף האַלב זי טוט עס אַ צעשפּאָלט,
און שוין פאַרזוכט דעם ערשטן ביסן...

עס האָבן נישט געהאָלפן אדמ׳ס רייד
אַז חוה וועט פון גאָט פאַרשאָלטן ווערן...
נאָר אדם האָט געטיילט מיט חוה׳ן פרייד און לייד
און מיט אַ זיפץ געגעבן איר אַ קוש אין שטערן,

דערנאָך זיין חלק עפּל אויפגעגעסן. —
גלייך ס׳האָט אַ גלאַנץ געטאָן אים חוה׳ס ברוסט!
יאָ, אדם האָט אין אַלעמען פאַרגעסן
פאַרכאַפּט פון ליידנשאַפט, פון דריקנדיקן גלוסט!

נאָר חוה — אויפגעקלערט פון עפּעלע דעם זיסן,
האָט מיט אַ פייגנבלאַט פאַרדעקט די בושה.
מיט אימפּעט אדם האָט דעם בלאַט אַראָפּגעריסן
און חוה׳ס לייב באַדעקט מיט גליענדיקע קושן.

צוזאַמען, צוגעדריקט אייגנס צו דעם צווייטן
זיי זיינען פלוצלינג ביידע בלייך געוואָרן...
פאַרשטומט די אַלע זינגענדיקע פלייטן;
ס׳גן־עדן האָט געציטערט פון גאָטס צאָרן.

אַ בייזער ווינט געריסן האָט די בלעטער־שפּיצן,
פאַר שרעק די חיות זיינען זיך צעלאָפן;
צעווישן דונערן און שרפה־בליצן
די שטראָף פון גאָט האָט זיי געטראָפן.

פון חוה׳ס אויגן האָבן טרערן זיך געגאָסן
אַ קול פון הימל אָנגעזאָגט האָט בולט, שאַרף:
„אַ יעדער וואָס פון עץ־הדעת גענאָסן
פאַר זיינע שווערע זינד באַצאָלן דאַרף!"

פון היינט־אָן איז ס׳גן־עדן זיי פאַרוועהרט!
די שלאַנג וועט ווי אַ וואָרעם קריכן אויפן בויך,
זיי וועלן מוזן וווינען אויף דער ערד!!!
— דאָס גליק איז זיך צעשוווּמען ווי אַ רויך.

„דו, אדם, וועסט אין שווערער מי דיין ברויט פאַרדינען,
און פון דער מענטשהייט וועסטו זיין דער גרינדער.
דו, חוה, וועסט אים העלפן, אים באַדינען,
מיט ווייען אומדערטרעגלעכע געבוירן קינדער!

איר וועט נישט קאָנען מער ווי אין גן־עדן,
ווי פריער, אייביק לעבן און נישט שטאַרבן
גאָר שווער וועט אויסקומען אייך ביידן,
איר מוזט באַצאָלן פאַרן חטא דעם האַרבן!

און אין זיין חסד גאָט האָט נאָך געזאָגט מיט צאַרטקייט:
„אויב וועט איר ליבן זיך מיט אמת, לעבן איינער פאַרן צווייטן
וועט ווייניקער איר פילן פון דער ערד די האַרטקייט
און דאָרטן אויך דערהערן זינגען פלייטן..."

און גלייך ווי קיין מאָל נישט געזען און נישט געהערט,
איז דאָס גן־עדן גלייך פאַרשוווּנדן.
זיי האָבן זיך געפונען אויף דער ערד,
געקוקט, דערשטוינט, צום האָריזאָנט דעם רונדן.

נאָר קוקן לאַנג האָט אדם נישט געקאָנט,
באַדעקט מיט ברענענדיקע קושן חוה׳ס ליפּן;
ער וואָלט פאַר זיי מיט פרייד אין דעם מאָמענט
אַוועקגעגעבן אַלע זיינע ריפּן.

### 3

דערנאָך דאָס פעלד האָט זיך געגילט פון ווייץ און קאָרן;
עס האָט געפּיטערט זיך אַ סטאַדע שאָף.
זיי זיינען ביידע עלטער אַלץ געוואָרן,
נאָר זייער ליבע האָט זיי אויסגעלייזט פון שטראָף

פון קינדער צער און צרות פיל געהאַט,
דערנאָך מיט אייניקלעך געוואָרן באָבע־זיידע;
נאָר אָפט געהערט די פליִיטן צוגעזאָגט פון גאָט,
און שפּעטער, אין גן־עדן זיך געפונען ביידע.

און אַלע הונדערט יאָר אויף ד׳ר׳ערד זיך אומגעקערט,
און גלייך ווי איינס אויף ס׳אַנדערע געטאָן אַ בליק —
זיי האָבן זיך דערקענט: — „ס׳איז זי!, — ס׳איז ער!״
און ביידע נאָך אַ מאָל געשיינט פון גליק.

אַזוי פון ערשטן ביזן לעצטן טאָג
זיי וועלן זיין צוזאַמען — פריילעכע צי טריבע,
און קוקנדיק אויף זיי וועט יעדער טאָן אַ זאָג:
— „ווי שיין דאָס איז — די ערשטע ליבע!...״

## די גאָלדענע חתונה

גאָלדענע חתונה
גאָלדענע רענדלעך
גאָלדענע רינגלעך
מעשענע פענדלעך
זילבערנע לייכטער
זילבערנע לעפל
גאָלדענע יויך
אין קופערנעם שעפל

גאָלדענע גליקן
גאָלדענע קייט
זילבערן שטייגל
אייזערנע לייד

גאָלדענע בלעטער
אַ גאָלדענע פּאָר
גאָלדענע חופּה
זילבערנע האָר

## דער פליענדיקער טעלער

כ׳האָב קיין מאָל נישט געזען דעם פליענדיקן טעלער!...
ער איז פון אַלע שטערן העלער,
ער דרייט זיך שנעל, ער דרייט זיך שנעלער,
ער קומט אויף ד׳ר׳ערד פון צייט צו צייט;
מען ווייסט אפילו אויך, וואָס עס באַטייט...

ס׳האָט עמעצער געזען —
(מען ווייסט נישט ווו, מען ווייסט נישט ווען)
עס האָט אַ טעלערל אין הימל זיך געדרייט,
און אָפּגעשטעלט זיך אין דער לופטן און עס שטייט!

עס האָט אַ פרוי געזען מיט אירע אויגן
ווי ס׳איז אַ הימל־טעלערל געפלויגן
עס האָט געשטראַלט פון דעם אַ גרינע שיין
און עפּעס האָט געפּילט זי ווי אַ ציענדיקע פּיין
וואָס האָט צו ד׳ר׳ערד זי צוגעשמידט
און האָט געמאַכט זי אַזוי מיד, מיד!...

מען זאָגט, — עס זיינען איינוווינער פון עפּעס אַ פּלאַנעטע,
וואָס דרייען זיך אַרום דער ערד צו מאַכן אַן אַנקעטע,
זיי ווילן זיך באַקענען
מיט אַלץ וואָס מענטשן קענען,
צו וואָס דער מענטש איז פעאיק, וואָס ער קאָן?

מען האָט געזען פֿון אַ באַלקאָן
אַן אַוויאָן
וואָס האָט געוואָלט אַ הימל־טעלערל דעריאָגן!
נאָר קאָן מען גלייבן דעם וואָס מענטשן זאָגן?

און אַנדערע דערציילן (ס׳איז צום שטוינען!)
אַז אויף די פֿליענדיקע טעלער וווינען
נישט מער, נישט ווייניקער, נאָר ריכטיקע מלאָכים
אַזוי אַרום, פֿון ווייטע הימל־שטחים
אויף אונדז, אויף ערדלייט, קאָנען האָבן זיי אַן אויג,
זיי זעען ווער צו וואָס עס טויג
זיי ווייסן אַלץ וואָס ס׳טוט זיך אויף דער ערד
ווער ס׳איז אַ לייט, און ווער פֿאַרקערט
און ווער ס׳איז גוט און ווער ס׳איז שלעכט
און ווי ס׳איז ביטער דעם, וואָס איז גערעכט.

אַך, ס׳פֿליענדיקע טעלערל!
איך וואָלט געזען עס גערן!
ווי ס׳פֿליט צעווישן שטערן,
ווי ס׳דרייט זיך שנעל
ווי ס׳פֿינקלט העל
ווי ס׳שיקט סיגנאַלן
ווי ס׳שניידט דעם הימל מיט די גרינע שטראַלן

און כאָטש ביי יידן איז עס גאָר קיין חידוש
(„דאָס טעלערל פֿון הימל״ — איז אַ וואָרט אַ יידישס)
פֿאַר זען אָט־דאָס אָ טעלערל, מעג זיין אין שלאָף, אין דרימל,
וואָלט איך אַוועקגעגעבן ס׳טעלערל פֿון הימל!...

פּאַריז 1963

## די פויפּסלעכע רייזע

ווען פּיוס דער 12־טער, —
נישט דער עלעפטער, נישט דער צענטער
זאָל געווען וועלן, וואָלט געקענט ער
פאַרקלענערן דעם וועלט־קאָשמאַר
און אויך דעם יידנס צער.
האָט נישט געוואָלט ער, ס'האָט אים נישט געהאַרט
און אפשר האָט ער שוין פון לאַנג אויף דעם געוואַרט
ווער ווייסט ?
נאָר רעדן פון געשטאָרבענע מען טאָר נישט,
אויב נישט קיין גוטס — איז בעסער גאָרנישט.

דערפאַר האָט זשאָן דער 23־טער, פּויפּס זשאַן,
געמאַכט פאַרויס אַ שפּאַן;
ער האָט באַרואיקט זיין געוויסן,
דערקלערנדיק, די גאַנצע וועלט זאָל וויסן:
— עס איז דער ייד נישט נידערטרעכטיק —
(אַך, ווי פּרעכטיק!)
פון ביבל־טעקסט גלייך אויסגעמעקט
דאָס מיאוסע וואָרט, וואָס האָט אַ זייטל דאָרט באַפלעקט.

נאָר ס׳זיינען אויך פאַראַן נאָך אַנדערע דאָרט פלעקן
וואָס זשאַן דער 23־טער האָט נישט באַוויזן אויסצומעקן...
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
פויפס פּאָל דער 6־טער, נישט דער פינפטער,
האָט זיך פאַרמאָסטן אויפן וועג פון נפטר
ער האָט געוואָלט פאַרריכטן אַלע בייזע ווערטער,
פּאָל דער 6־טער, (נישט דער 5־טער, נישט דער 4־טער).

עס האָבן אָבער זיך דערשראָקן זיינע קאַרדינאַלן,
(די ליבעראַלן):
— „וואָס?! דו ווילסט זיך שיידן מיט די גוטע זאַצן?
מען קאָן זיי דען געגוג אָפּשאַצן?
2000 יאָר זיי האָבן אונדז געטריי געדינט,
ס׳איז מיט אַ האַק נישט אויסצוהאַקן, וואָס געשריבן איז מיט טינט!
און איידער אויסצומעקן פון די שריפטן ווערטער,
פאָר בעסער, וויזיטיר די הייליקע ערטער,
ס׳וועט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט זיין אַ גליק,
שוין אָפּגערעדט פון וואַטיקאַנער פּאָליטיק!״ —
געטענהט האָט דער ראָט צו פּאָל דעם 6־טן —
— „לאָז צו רו די ביבל־טעקסטן,
דו האָסט נאָך צייט; און שפּעטער, מיט איין זילבל
דו קאָנסט פאַרניכטן ס׳אַלטע בילבול,
אַז דורך די יידן איז דערמאָרדעט גאָט.
און אויב דו ווילסט, — קאָנסט מאַכן עס צו שפּאָט.
וואָס הייסט, דו זאָגסט: „מיר זיינען אַלע שולדיק?!״
דאָ דאַרף מען זיין געדולדיק,
און מאַכן אַ דיסקרעטע
אַנקעטע,
און טאַקע אין גליל!...״ —
אַזוי געטענה׳ט האָט דער הייליקער קאָנסיל;
— „און אויך״ — האָט צוגעגעבן דער בעל־דבר,
„זאָלסט נישט פאַרגעסן די אַראַבער,
ווייל וויפל איז דען פונעם ירדן ביז צום ניל?״ —

— „גערעכט!" האָט אויסגעשריגן פּאַל דער 6־טער, „כ'פּאַר!
ס'וועט וואַרטן די רעפאָרמע נאָך אַ יאָר!" —

עס האָט באַוווּנדערט אים די גאַנצע ערד,
נאָר ווען ס'האָט דאָס דערהערט
דער סטאַמבולער אַרכימאַנדריט,
האָט אים פאַרדראָסן: — „ער מעג פאָרן, און איך ניט?!" —
(די אָרטאָדאָקסן זיינען האַרטנעקיק,
אַ גוטער ביישפּיל איז אַנשטעקיק)
ביז וואַנען איז דער שיעור צו זיין אין כעס?
— שוין צייט זיך איבערבעטן — טראַכט זיך אַנטענאַגאָראַס;
קורץ — אין צוויי ווערטער —
ער אויך פאָרט צו די אַלטע ערטער
און תיכף מיטן פּויפּס געמאַכט אַ ראַנדעוו!
און ווו?
אין ישראל!
אַלע זיינען נתפּעל
אַלע זיינען צופרידן —
קאַטאָליקן, אָרטאָדאָקסן, יידן.
צי גלויבסטו נישט, צי גלויבסט
זיך גרייטן יידן צו באַגעגענען דעם פּויפּס
— — — — — — — — — — — — —
ווען אַלע גלחים
זאָלן גיין אויף די זעלבע דרכים,
וואָלט עס געהעכערט דעם טוריזם,
און פאַרקלענערט דעם אַנטיסעמיטיזם.
דער פּויפּס האָט אויסגעוויילט די רייזע
כדי דער גאַנצער וועלט צו ווייזן,
אַז קלעריקאַלן
זיינען אמתע ליבעראַלן,
אַז גדלות ליגט אויפן מיסט
און אַז מען דאַרף, צוליב רעליגיע, טאַנצט מען אפילו טוויסט.

ווי ס'האָט געזאָגט די הייליקע יעוודאָכע
— מען מוז לעבן מיט זיין עפּאָכע... —

פּאַריז, יאַנואַר 1964

# די ציג, דער וואָלף, און דער בער

(אַ מעשה אין גראַמען)

דאָס איז אַ מעשה
פון אַ ציגעלע אַ ווייסע
מיט פלעקעלעך אַ פּאָר אי דאָ, אי דאָרט.
ס׳האָט קיין מאָל נישט געקאָנט געפינען זיך קיין אָרט,
געבלאָנדזשעט אין אַ וואַלד געדיכטן,
צווישן סאָסנעס, צווישן פיכטן
און איינגעאָטעמט זייער שאַרפן דופט —
ס׳האָט ממש, טאַקע, ווי געלעבט פון לופט,
די נאָדלען זיינען איר געפאַלן אויפן לייב,
ס׳האָט קיינער, קיינמאָל נישט געזאָגט איר: — „בלייב״.
און נאָר געיאָגט, און נאָר געטריבן,
ס׳איז קיינמאָל אויף קיין אָרט געבליבן
מ׳האָט אומעטום דאָס ציגעלע גערודפט און באַרעדט
דאָ — אויסגעטראַכט אויף דעם אַ בילבול, דאָרט — אַ חטא,
מיט שלעכטע ווערטעלעך געשטאָכן...
אַזוי, אַז גאַנצע טעג און נעכט און וואָכן,
יאָרן לאַנגע
דאָס ציגל איז געגאַנגען און געגאַנגען,
דאָ געשלאָפן, דאָרט געגעסן,
און אַלעמען זיך צוגעגעסן,
געציפּט אַ ביסל סכך
פון פרעמדן דאַך,
גענאַשט פון יענעמס טאָפּ,
און זיך באַרימט פאַר יעדן מיט זיין קלוגן קאָפּ;
געהאַט אַ טיק
צו פּאָליטיק:
אויב איינער האָט געטענה׳ט: — „בע״,
האָט עס געענטפערט — „מע״.

בקצור, אויפן וועג, די גאַנצע לענג
האָט עס באַגעגנט מיאוסע חיות, שלענג
מיט זייער גיפט, מיט זייער סם,
און סתם
אַ בייזן הונט מיט גרויסע, שאַרפע ציין
וואָס האָט געריסן זיין געביין.
און ערגעץ אויף אַן אַנדער פּלאַץ
האָט גאָר אַ שלעכטע קאַץ
געמיינט — דאָס ציגל איז אַ מויז...
ס'איז מיטן לעבן קוים אַרויס.

אַך, ביטער, ווען מען האָט קיין הויז;
דאָס אייזעלע אפילו און דאָס פערד —
דאָך האָבן זיי אַ שטיקל ערד.
די ציג פון דעם האָט אָבער נישט געטראַכט,
געוויצלט זיך, געלאַכט,
און נישט געהאַלטן אַז מען מוז געוויטיק האָבן אייגנס.

נו, הינטער וועגנס
האָט געמוזט דאָס ציגל
אַ לעק טאָן פון אַ פרעמדן קריגל;
נישט אַלעמען האָט דאָס געשמעקט, —
מען האָט געשלאָגן עס, מיט שטעקענעס באַדעקט,
מיט פעדערן באַשטעקט,
און ווען אין אַ געוויסער געגנט
עס האָט דעם שוואַרצן וואָלף באַגעגנט
איז אויסגעקומען אים גאָר שמאָל;
עס האָבן צרות אָן אַ צאָל
און אומגליק זיך אויף אים געשאָטן
עס איז געזעסן הינטער שטעכעדיקע דראָטן,
מען האָט די גאַנצע פעל אים אָפּגעשוירן
און פיל, פיל קינדערלעך עס האָט פאַרלוירן...

— „איך האָב פאַרהיטן מיינע וועלף געשווירן!!!" —
געשריגן האָט דער וואָלף דער שלעכטער;
און שטאַרקער אַלץ געשלאָגן האָט דער וועכטער,
געשאָכטן און געשאָכטן האָט דער שעכטער...

איין טאָג, פון דאָרט, צעבלוטיקט און צעביסן
עס האָט דער בער דאָס ציגעלע אַרויסגעריסן;
און ס'האָט געלאָזט זיך גיין צום וואַלד פון סאָסנעס און בעריאָזעס
(מען זאָגט, — ס'איז דאָרטן גוט פאַר קאָזעס, —)
און אדרבה, טאַקע האָט דער בער:
— „קום, קום אַהער!" —
צום ציגעלע געזאָגט: —
„דו זעסט דאָך אַז עס טאָגט!
ס'קומט אויף אַ נייע ערע;
געענדיקט איז דיין פּיין, די שווערע!
אויף מיין אחריות!
ביי מיר דו וועסט, ווי אַלע חיות,
באַלד קריגן אַלע רעכט,
דו וועסט נישט בלאָנדזשען מער קיין טעג און נעכט,
וועסט לעבן דאָ אַ פרייע!" —
— „אוי, ביסטו מיך מחיה!
אַבי איך האָב געמיינט..." —
פאַר פרייד דאָס ציגעלע האָט אַזש געוויינט,
געטאַנצט פאַר נחת,
און תיכף מיטן בער געמאַכט יד־אחת.

מיט איינעם וואָרט, עס האָט דאָס ציגל
געקראָגן פליגל!

ס׳האָט זיך באַזעצט, אַווירטשאַפט איינגעפירט
געפוצט, געצירט
געאַקערט און געזייעט,
געשניטן און געווייעט,
געהאַלטן שאָף און רינדער,
געהאַט פיל קינדער,
זיי אָנגעהויבן בילדן,
געגרייט זיי צו אַ נייעם לעבן מילדן;
און נאָך דער אַרבעט, ביי דער נאַכט
אין חברישן קלוב פאַרבראַכט,
געשריבן אויך אפילו לידער און ראָמאַנען...

און פלוצלינג! — (ס׳ציגעלע האָט גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען
צי ס׳איז פון הינטן, צי פון אויבן, צי פון וואַנען)
עס האָט דערהערט דאָס קול פון בער:
„הער נאַר, הער!
וואָס האָסטו זיך אַזוי צעמעקעט?!
איך שיק דיך שוין אַוועק־עט!
וואָס ביסטו מיר? אַ שמעלקע, צי אַ קרובה?!
טו מיר די טובה,
לאָז איבער דיינע בעבעכעס און קום!!!
אַ ציג זאָל קריכן אומעטום!!!
דו האָסט זיך דאָ אַזוי צעוואָרפן
אַז באַלד פאַר אונדז אַליין מיר דאַרפן
שוין זוכן זיך אַ מקום,
כ׳געפין פאַר זיך אַ פלאַץ שוין דאָ קוים!
פאַרניכטן זאָל מען גיכער
די אַלע ביכער!!!

און תיכף האָט ער זיי צעריסן און פאַרפלעקט
און ביז צום לעצטן אות אפילו אויסגעמעקט,
פון אויגנבליק געשווינדער...
דאָס ציגעלע האָט דאַן פאַרלוירן זיינע בעסטע קינדער...

עס איז געשטאַנען און געשטוינט,
עס האָט זיך אים געדאַכט — עס טרוימט,

ווי איז עס מעגלעך?
שוין ווידער ווי אַמאָל? ווי שטענדיק, ווי טאָג טעגלעך,
ווען אַלץ איז אים געווען פאַרבאָטן?
שוין ווידער גייט מען עס באַדראָטן?
און ווער?!
דער בער! —
נישט ציפּ קיין גראָז, נישט עס קיין פּירות
און נאָר גזרות, נאָר גזרות...
דער בער שוין אויך?...
עס איז געווען נאָר אַן אילוזיע, אַ רויך...

און מיט אַ טיפן זיפץ געווענדעט זיך צום בער:
„אַ דאַנק פאַר דיין באַער,
ס'איז אמת, ס'איז געווען מיר גוט דאָ אינעם לאַנד דעם שיינעם
איך האָב געמיינט... איך האָב געוואָלט מיט דיר אין איינעם
אַ נייעם לעבן בויען, גוט פאַר יעדן איינעם...
איך האָב פאַרשטאַנען... כ'דאַנק דיר פאַרן טרייבן
כ'וועל מער ביי דיר נישט בלייבן.
ביי קיין שום חיה,
אפילו אַ פרייע
וועט בעסער מיר נישט ווערן,
מעג זיין ביי פוקסן, וועלף, צי בערן
מען קאָן נישט רואיק זיך באַזעצן אויף איר ערד
ווייל גאָר אין גיכן זעט מען, אַז מען שטערט...
וואָס טויג זיך קריגן?
מיט ברידער־טרוימען זיך פאַרוויגן?
כ'וועל גיין אַהין — אין לאַנד פון ציגן!"

פאַריז 1970

## טוריסטן אין פּאַריז

מיטן ערשטן זומער־שטראַל
קומען אָן פון איבעראַל,
לויפן אָן פון אַלע זייטן,
פון דער נאָענט, פון דער ווייטן
מיט די שיפן, אַוויאָנען —
זשאַלעווען נישט קיין מיליאָנען —
די טוריסטן: בראַזיליאַנער,
ענגלענדער, אַמעריקאַנער,
איטאַליענער, דייטשן, טערקן;
און מען קאָן זיי גלייך באַמערקן
אין דעם אויסטערלישן אויסזען
(אַזוי זעען אויס נאָר בלויז זיי)
זעט מען גלייך — עס גייט אַ פרעמדער —
מיט די העל־באַבלימטע העמדער
מיט די גוואַלטיקע קראַוואַטן,
מיט די פאָטאָ־אַפּאַראַטן,
מיט די הענגנדיקע טאַשן
גייען זיי אין גאַס און ראַשן
פאָרן אום אויף אַלע וועגן
(כאָטש עס גייט און גייט אַ רעגן,)
און צוזאַמען, מיט אַ שטורעם,
נעמען זיי דעם אייפעל־טורעם.

אָנקומענדיק גלייך פון דוווּר
שפּרינגען זיי אַריין אין לוווּר
גייען צום שאַן־ז׳עליזיי
(טשעמפּס־אילייזיס — זאָגן זיי),
פילן אָן די גרויס־בולוואַרן,
פאָרן אין די אָטאָקאַרן,
ציען קיין ווערסיי און סתם —
פאָנטעאָן און נאָטר־דאַם,
וואַרפן איילנדיקע בליקן
צו דער סענע פון די בריקן.

די וואָס קומען פון ישראל
ווערן קיין מאָל נישט נתפעל
און זיי זאָגן — אַלץ וואָס דאָ,
אויב ס'איז נאָך ביי אונדז נישטאָ,
וועט עס באַלד געשאַפן ווערן —
(איך וואָלט אויך געוואָלט דאָס, גערן!)

אין דער נאַכט, ווען אַלץ ווערט צאַרטער
לויפן אַלע צום מאָנמאַרטער;
אין אַ נאַכט־קלוב, הין און הער
גייען אין פאָלי־בערזשער,
פילן אָן די רעסטאָראַנען;
נאָך אַ קוק צו די פאָנטאַנען,
צו די גערטנער און פאַלאַצן;
פרוון אַלץ אין דאָלאַרס שאַצן,
טאַפּן, שמעקן אומעטום,
נאָך אַ לעצטן קוק אַרום
ווייזט אַרויס זיך פאַרן פאָרן —
אַלץ פאַרמישט זיך אין זכרון...

ציען זיי זיך אָפּ פון דאַנען
און זיי שפּאַנען, און זיי שפּאַנען...
נישט געשלאָפן, נישט גערוט.
אַך, ווי גוט עס איז, ווי גוט
ז'מער אַ טוריסט צו זיין,
שוועבן אין פאַריזער שיין!

פאַריז 1965

# אַ פאָלקסליד

איך זיץ און ניי ביי דער מאַשין
די נאָדל לויפט אַהער, אַהין
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ!

איך האָב פאַר אַלעמען געניייט
אַליין געבליבן אָן אַ קלייד
איך האָב געניייט דאָס גאַנצע יאָר
און נאָר פאַרדינט אויף שיך אַ פאָר

דער בעל־הבית אויף ראש־השנה
האָט צוגעזאָגט מיר אַ מתנה
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ

איז ראש־השנה שוין אַוועק
דאָס וואַרטן ציט זיך אָן אַן עק
איך האָב געפרעגט ביים בעל־הבית
— וואָס וועט איר שענקען מיר, אַך, וואָס?!
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ?

זאָגט ער — איך האָב ווי אַלע מיינע קרובים
אויך דיר געשיקט אַ „שנה־טובה"
טראַ־לאַ־לאַ!

איך האָב געמיינט — איר וועט מיר געבן...
מיר צאָלן מער — כ׳זאָל קאָנען לעבן...
טראַ־לאַ־לאַ?

דו לעבסט דען נישט, דו נאַריש מיידל
נעם, ניי דיר איבער ס׳אַלטע קליידל!
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ — טראַל־אַ־לאַ!

פּאַריז 1962

# מוזיק

ווען די פידל זיסע זינגט
הייבן אָן די בלומען־קעפּעלעך צו טאַנצן
און די לויכטנדיקע ווערעמלעך צו גלאַנצן
ווען די פידל זיסע זינגט

ווען דאָס פידעלע אַ פריילעכס שפּילט
טאַנצן יידן האַלטנדיק זיך ביי די הענט
גלייך ווי קיין מאָל זיי קיין אומגליק נישט געקענט
ווען דאָס פידעלע אַ פריילעכס שפּילט

ווען די פידל־טרויער וויינט
שפּרייזן די קדושים־שאָטנס שטיל אַריין
טרערן לאַנגזאַם פאַלן אין די גלעזער וויין
ווען די פידל־טרויער וויינט

ווען דערשטיקט די פידל צאַנקט
הערן אויף די קוואַלן פליסן באַרג אַראָפּ
און אַ שטערן רייסט זיך אָפּ
ווען דערשטיקט די פידל צאַנקט

ווען די פידל־צאַרטע שווייגט
איז מען איינגעשמידט אין שווערע קייטן
און, פאַרחושכט — איינער ציטערט פאַרן צווייטן
ווען די פידל־צאַרטע שווייגט

ווען די פידל־וווּנדער ווידער וואַכט
שיקט די זון איר וואַרעמסטן אַקאָרד
און די ווייסע טויב צעטראָגט דאָס ליבע שלום־וואָרט
ווען די פידל־וווּנדער ווידער שפּילט און וואַכט

פּאַריז 1968

## אַ לידעלע

קענט איר קינדערלעך, דאָס לידעלע ?
ס׳איז געווען אַמאָל אַ יידעלע,
האָט געהאַט עס אַ קליין פידעלע,
האָט געשפּילט עס אַ שיין לידעלע
טרי־לי־לי...

נאָר דאָס קליינע יידעלע
האָט פאַרלוירן ס׳פידעלע
טראָגט דער ווינט דאָס לידעלע
טרי־לי־לי

וויינט דאָס קליינע יידעלע
ווו ? ווו איז מיין פידעלע ?
כ׳קאָן נישט שפּילן ס׳לידעלע
טרי־לי־לי

קינדער, זוכט דאָס פידעלע
גיט עס אָפּ דעם יידעלע
וועט איר הערן ס׳שיינע לידעלע
טרי־לי־לי...

פּאַריז 1946

## שטייט אַ ביימעלע

שטייט אַ ביימעלע אַ יונגס
אויף דער גאַס.
פונעם רעגן, פונעם רעגן
איז עס נאַס.

ציטערט מיט די הוילע צווייגן
אין דער נאַכט,
ס'איז אים בלעטעלעך געבליבן
אפשר אַכט.

פּאַריז, נאָוועמבער 1962

## דער שניי

דער שניי דערמאָנט מיך אַן אַמאָל
כ'דערזע די ווייטע קינדער־יאָרן ;
אין אונדזער דירה ענג און שמאָל,
— דאָרט, ווו געבוירן כ'בין געוואָרן.

כ'דערזע דעם לאַנגן, ווייסן הויף,
פול מיט געלעכטער און געשריי,
דעם בליציק־שנעלן קינדער־לויף
וואָס צייכנט שפּורעלעך אין שניי...

## די פרילינג - סימפאָניע

פרילינג איז געקומען ווידער
טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ־לאַ!
מיט געזאַנגען און מיט לידער
טראַ־לאַ־לאַ — דאָ־רע־מי־פאַ!

דאָס קאַנאַריקל אין שטייגל
טרי־לי־לי — טרי־לי־לי־לי!
פליען גלוסט זיך אים צום צווייגל
טרי־לי־לי — פאַ־סאָל־לאַ־סי...

ס'איז אַ קלוגעטשקער, דער שפּערל
טרי־לי־לע — טרי־לי־לי־לע
עסט דעם ווײַנשל, וואַרפט דאָס קערל
טרי־לי־לע — לאַ־סי־דאָ־רע!

אָנגעפילט די לופט מיט טענער
טראַ־לאַ־דיעז — טראַ־לאַ־בעמאָל
וואָס קאָן זײַן פון פרילינג שענער?
טראַ־לאַ־בעמאָל — רע־מי־פאַ־סאָל.

## דאָס קאַטשקעלע

אַ קאַטשקעלע אַ בלויע
אַ פּיסקעלע אַ רויטס
איין אייגעלע אַ לויטערס
דאָס אַנדערע אַ טויטס

דאָס קעפּעלע צעשפּאָלטן
דאָס בייכעלע צעפליקט
ווו ביסטו קינד מיין טייערס
וואָס האָסט מיין האַרץ געקוויקט?

## דער באַלעט

אין מיין גאָרטן אויפן גראָז,
ווי נאָר ס'ווינטל טוט אַ בלאָז,
טוען בלימעלעך זיך נייגן,
נידעריק צו ד'ר'ערד זיך בייגן
— אויף איין פיסל טאַנצן זיי:

ווייסע קריינדעלעך ווי שניי
דאָ און דאָרט אין גראָז אין גרינעם,
בלימעלעך פון אַלע מינים:
שיינען געלע קעפּעלעך —
ס'פעלט זיי נאָר די צעפּעלעך, —
גאָלדן־ראָזע בעקעלעך,
סאַמעטענע שטעקעלעך,
שפּיציק־בלויע גלעקעלעך,
פּינטעלעך און פלעקעלעך,
גלאַנצנדיקע אייגעלעך

קוקן זומער־פייגעלעך
אינעם שמעקנדיקן קראַנץ
אויפן קיילעכדיקן טאַנץ

## צוויי פייגעלעך

אין מיין צימער, הויך אין קוימען
שיינע פייגעלעך צוויי ווינען
זיי פון קעלט זיך דאָרט באַהאַלטן
און איך וויל די קעלט זאָל האַלטן
ווייל עס וועקט מיך אויף גאַנץ פרי
זייער זינגען — צווי, צווי, טשווי

מיר קיין וועקער נישט באַדאַרפן
ווען די שנעבעלעך זיי שאַרפן,
נאָר איך וויס — עס איז זיי קאַלט
פרילינג וועט שוין קומען באַלד
בלומען הייבן אָן צו בליען
וועל איך לאָזן פריי זיי פליען!

## דער קאַלטער פרילינג

ס׳פרעגט איין בלימעלע דאָס צווייטע
ווען וועט קומען שוין דער מאָנאַט מיי?
ווען די זון איז שטענדיק וואַרעם
און עס לעבט זיך לייכט און פריי?

ס׳משה־רבנו פערדעלע
שטעקט אַרויס דאָס נעזעלע
נאָר דערפילנדיק די קעלט
קריכט צוריק אין רעזעלע
און דאָס רעזעלע פאַרפרוירן
ציט צענויף די בלעטעלעך
שלאָפן גרילן, שלאָפן פליגלעך
אין די גרינע בעטעלעך

זוכט די מוראַשקע זיך עפּעס
צו דערוואַרעמען די גלידער
נאָר דער בייזער, קאַלטער ווינט
אונטער ד׳ר׳ערד פאַרטרייבט זי ווידער

זיצן שוועלבעלעך צוזאַמען
אויף די דראָטן אין אַ ריי
רופן זיי מיט אַלע כוחות
קום שוין, קום שוין, מאָנאַט מיי!!!

אַפּריל 1955

## דאָס גאָלדענע פישעלע

אויף מיין טישעלע
ווינט אין אַ גלאָז אַ גאָלדן פישעלע.
ס׳איז איינס אַליין
ס׳איז זייער שיין
נאָר ס׳איז, נעבעך, שטום
אַ גאַנצן טאָג שווימט עס אַרום

אַראָפּ, אַרויף
אָן אַ סוף.
ס׳איז מאָנאָטאָן...
וואָס קאָן מען טאָן?
ווען איך זאָל האָבן פישלעך צוויי!
ווי פריילעך ס׳וואָלט געוואָרן זיי!

18 סעפטעמבער 1955

## באַלד פרילינג

עס וואַלט זיך שוין געוואָלט דער זון
דעם פרילינג אונדז דערלאַנגען
נאָר דאָס פאַריעריק־דאַרע גראָז
איז נאָך מיט אייז פאַרהאָנגען

עס איז נאָך שטעכעדיק די לופט
און קאַלט די אינדערפריען
נאָר עפּעס יום־טוב׳דיקער גאָר
די פייגעלעך שוין פליען

און כאָטש עס זיינען פראָסטיק נאָך
די לאַנגע אויפדערנאַכטן
נאָר פון די זיסע פרילינג נעכט
די שטערנדלעך שוין טראַכטן

פּאַריז, יאַנואַר 1956

## ס׳שווימט אַ גענדזעלע

ס׳שווימט אַ גענדזעלע אַ ווייסע
אין אַ וואַסערל אַ ריינעם
גייט אַ שיפעלע דערנעבן
טרענקט זיך נאָר עס שאַדט נישט קיינעם
דאָרט אַ פישעלע, אַ גאָלדנס
— סאַראַ בליאַסקנדיקע ליסקעס!
און אַ שלייענדל אַ פלינקער
לויפט דעם נאָך און עפנט ס׳פּיסקל
ס׳גייט צו גרונט, אַך סאַראַ שאָד
ווייסט איר ווו דאָס אַלץ געטראָפן?
ביי מיין פּיצל קינד אין באָד!...

## פייגעלעך אין ישראל

זיצן פייגעלעך אַ סטייע
אויפֿן דראָט פֿון טעלעגראַף
צוויטשערנדיק לידער פֿרייע
פֿריילעך לויבן גאָטס באַשאַף

אין געזאַנגען און אין שמועסן
זאָגן אַלץ וואָס זיי געפֿעלט
שיקן איבער הייסע גרוסן
צו דער ווייטער גאָרער וועלט

לויפֿן טענער אויף די דראָטן
הערט מען אומעטום דאָס ליד
נישט געשריבן אויף קיין נאָטן
נאָר געזונגען אין עברית

תל־אביב 1964

## גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן

קלאַפּן אַרבעסלעך אין דעכער
שפּריצט פֿון דאַך אַראָפּ דער טראָפּן
רינט אַריין אין אַלע לעכער
ס׳האָט געעפֿנט זיך דער צאָפּן
קאַפּען טראָפּנדלעך און זינגען
זינגען מיר צום שלאָף אַ לידל
אָן אַן אויפֿהער לויפֿן רינגען
אויף דעם וואַסער, ווי אַ פֿידל
ווײַנט און גיסט זיין מעלאָדיע,
אַזוי גיסט און ווייַנט דער רעגן
גאָט, שיק אונדז אַ ישועה
פֿאַר די קליינע קינדער וועגן!

לויפן רינגען אויף די טייכן
ווערן ברייטער אַלץ און גרעסער
נאַס געוואָרן אַלע זאַכן
פול געוואָרן אַלע פעסער
ס׳איז אַ דורכשלאַק גאָר דער הימל
זייען כמאַרעס זייערע טרערן
אין אַ צויבער־שטיל געטומל
ווײַנט דאָס וואַסער אין די רערן.
נאַס די פעלדער, ווייקט די תבואה,
פילסטו ווי עס שמעקט דער רעגן?
גאָט, גיב אונדז אַ ישועה
פאַר די קליינע קינדער וועגן!...

הער נאָר ווי די ביימער ראַשן
זע נאָר ווי די בלעטער פאַלן
זיי שוין נמאס זיך צו וואַשן
און זיי בענקען נאָך די שטראַלן
פון דער זון; זי איז אין תפיסה
שווערע וואָלקנס פול מיט וואַסער
זי באַדעקן, און אַ מיאוסע
ליגט די ערד אַלץ נאַסער, נאַסער

קאַפּען טראָפּנס פון די דעכער
נעמען זיך צונויף אין ימען
עס איז נאָך נישט פול דער בעכער
אפשר וועט שוין איצט נישט זאַמען
ס׳האָט מיין האַרץ ווי אַ ידיעה
עס וועט אויפהערן דער רעגן
עס וועט קומען אַ ישועה
פאַר די קליינע קינדער וועגן

בריוו, ווינטער 1944

## דער האַרבסטרעגן

ס׳גייט אַ רעגן, ס׳פּאַלט אַ רעגן
קאַלטע ווינטן בלאָזן
נאַס געוואָרן אַלע וועגן,
אַלע ביימער, גראָזן.
זייען כמאַרעס זייערע טרערן
קאַפּעט, רינט דער טראָפּן
זינגט דאָס וואַסער אין די רערן
טייכעלעך זיך צאָפּן
אָנגעפּילט זיך אַלע פּעסער
פּייכט די ערד געוואָרן

— זומער וועלן וואַקסן בעסער
בלומען ווייץ און קאָרן.

פּאַריז, נאָוועמבער 1955

## דער ווינט פון פרילינג

פליט דער פרייער ווינט פון פרילינג
פליען מיינע האָר צעשויבערט
וועקט אויף בלימעלעך און גראָזן
פונעם ווינטער־שלאָף באַצויבערט

נאָך דער וואַלד איז נאָך פאַרשלאָפן
חלומט פון אַ זומערקלייד
פליט דער פרייער ווינט פון פרילינג
ברענגט אונדז פרישע קראַפט און פרייד!

ברענגט אונדז שמעקנדיקע סודות
פון געבוירן און פון ניי
שרייט צו אונדז דער ווינט פון פרילינג,
לערנט אונדז צו לעבן פריי!

# נעכטן און מאָרגן

(דערציילונג)

אַ לאַנגער, אומגעהייער לאַנגער, דורכזיכטיקער טישטעך — אין אמתן דאַרף מען זאָגן: אַ וואָלקן — אַ זייער לייכטער, ווייס־ראָזער נעפּל־וואָלקן, מיט קליינע שפּיציקלעך אַרום די זייטן, צעשפּרייט אין דער לופטן; אויף זיין אייבערפלאַך האָבן זיך געפונען פיל גוטע זאַכן צום עסן, צום טרינקען, צום באַוואונדערן; גרויסע, פּוכיקע חלות פון בעסטן מעל, ברייטע, קיילעכדיקע רעפּטן פלייש פון שור־הבר, געבעקסן און גן־עדן־פּרוכט זיינען געלעגן אין שטערן־טעלער; דימענטענע גלעזער, פול מיט יין־המשומר. דאָס אַלץ, גענוג ווייט איינס פון אַנדערן, כדי צו קאָנען אָוועק־שטעלן גאָלדענע מאָלבערטער, אויף וועלכע עס האָבן זיך געפונען בילדער פון די גרעסטע מאָלערס, לעבעדיקע און געשטאָרבענע, ווייל אַ מאָדנע זאַך, בילדער האָבן ליב איבערצולעבן זייערע שעפערס; מען קאָן נישט זאָגן דאָס זעלבע וועגן ביכער, ווייל אַ בוך האָט נישט די פּריווילעגיע צו הענגען אויף אַ וואַנט, כדי אַלע זאָלן עס זען, שאַצן און איבערשאַצן; אַ בוך — מעג עס זיין דאָס בעסטע — שטעלט מען אַריין אין שראַנק, און ס'קוקט אַרויס מיט די טיטל־אייגעלעך, און ס'לעכצט עמעץ זאָל עס פון דאָרט אַרויסנעמען...

אַרום דאָזיקן טישטעך האָבן זיך געפונען פאָרשטייערס פון אַלע קונסטן — וואָרט, ליד, מוזיק, טאַנץ, מאָלעריי, סקולפּטור, בינע, אפילו ספּאָרט.

איר שטויסט זיך מסתמא אָן ווו דאָס איז פאָרגעקומען. דעם אמת זאָגנדיק, ווייס איך אַליין נישט פּינקטלעך ווו דאָס אָרט צו קלאַסירן. מען וואָלט געקאָנט זאָגן: „יענע וועלט". אָבער די וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, האָבן עס גערופן „אונדזער וועלט"; אויף דער אמתער וועלט; וואָס איז דען די נפקא־מינא? דאָס איז געווען אַ גרויסער באַנקעט לכבוד אַ דיכטערין, וואָס האָט געהאַלטן אין פאַרלאָזן די וועלט, ד.ה. — די ערד. די דאָקטוירים האָבן איר געגעבן עטלעכע טעג; ס'פאַרשטייט זיך, אַז זי אַליין האָט וועגן דעם גאָרנישט געוווּסט, נאָר אירע אַרומיקע האָבן, לויט אַ פאַרקערטער פּראָפּאָרציע, געצאָלט אַלץ טייערער פאַר יעדן פאַר־בליבענעם טאָג.

דאָ אָבער, אַרום דעם וואָלקן־טישטעך, האָט מען שוין אויף איר געוואָרט אומגעדולדיק... אָט, אָט קומט זי צו פליען — זיינען זיי געווען אויפגערעגט. זיי האָבן נישט געקאָנט בלייבן אויף קיין אָרט; (דאָ האָט זיך נישט געהאַנדלט אין פאַרכאַפּן דאָס בעסטע אָרט — אַלע ערטער זיינען געווען די בעסטע). זיצן, פאַרשטייט זיך, האָבן זיי אויך נישט געקאָנט, ווייל עס איז נישט נאָר קיין טיש, נאָר אויך קיין בענקלעך נישט געווען. אָט די אַלע געוועזענע און צוקונפטיקע שרייבערס, דיכטערס, מאָלערס, סקולפּטאָרן, אַרטיסטן, טענצערס פוןביידע געשלעכטער, זיינען נאָר געווען גייסטער, סימבאָלן. אָט איז למשל, אַ צאַרטע, יונגע דיכטע־רין (אַ דיכטערין בלייבט כסדר יונג) אין פאָרעם פון אַ פּאָעמע, ווו דער ריטעם איז אַרויסגעבראַכט דורך אַ מוזיקאַלישן זאַץ, און די גראַמען דורך בלומען־צווייַלינגלעך; דאָס אַלץ, האַלט זיך אויף צוויי פליגעלעך — זילבערנע. אָט איז אַ שרייבער, ד.ה. זיין ווערק, איינגעקריצט אין שטיין, וואָס פליט אַרום אויף צוויי אָדלער־פליגל. מען קאָן גלייך דער־קענען די צוקונפטיקע מחברים, ווייל זייערע ראָמאַנען, געדרוקטע אויף אַ נאָך נישט אַנטדעקטן אויף דער ערד פּאַפּיר, פליען אַרום ווי איבער־קלאַנג־אַעראָפּלאַנען; צי אַ מוזיקער, אַ קאָמפּאָזיטאָר — אַ האַרפע מיט דימענטענע סטרונעס. ס׳זאָל זיין די נשמה פון וואַן־גאָג — אָט די פּאַליטרע מיט פאַרבן, וואָס פליט אויף איין שוואַרצן פליגל? און אָט־דער שיכורער זונענשטראַל, וואָס וואַרפט אַ גאָלדענע שיין אויפן וואָלקן, זאָל עס זיין מאָדיליאַני?... אַך, עס איז שוין גענוג שווער צו דערקענען צווישן לע־בעדיקע, מיט גופים און פּנימער — ווער עס איז אַ גאון, ווער עס האָט טאַלאַנט, און ווער עס מאַכט נאָר אַן אָנשטעל... איך קאָן, פאַרשטייט זיך, נישט אויסרעכענען די אַלע פאַרגאַנגענע, אויטענטישע גאונים, און, נאָך, ווייניקער, די צוקונפטיקע; וויכטיק איז, אַז זיי זיינען זיך דאָ אַלע צו־נויפגעפלויגן, כדי צו באַגעגענען מיט פרייד און ווערדע די גרויסע דיכ־טערין.

דאַך גלוסט זיך מיר ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף אַ קליין פלאַ־טערל מיט לאַנגע, ווייסע פליגעלעך, וואָס האָט זיך געהאַלטן ביים ברעג וואָלקן, אין דער זייט. עס האָט בשום אופן נישט געוואָלט פאַרלירן קיין רגע, געוואָלט אויפכאַפּן ס׳ערשטע אַלע אירע באַוועגונגען, אַלע זשעסטן און אפשר, ווער ווייסט, וועט זי קומען מיט אַ ליד אויף די ליפּן? ווייל עס קאָן קיין איין קלאַנג נישט פאַרלירן, נישט פאַרפעלן; דאָס וועט זיין די ערשטע לעקציע זיינע, די ערשטע לערע; ווייל (איר שטויסט זיך, מסתמא, אַז) דאָס פלאַטערל איז די נשמה פון דער דיכטערין, וואָס דאַרף פאַרנעמען דאָס אָרט פון דער, וואָס האַלט ביים שטאַרבן.

עס קומט איר אָן נישט גרינג, און דאָס פלאַטערל פלאַטערט מיט די פליגעלעך, קוקט אויס די אייגעלעך, פיבערט פון וואַרטן.

ס׳פיבערט אויך די געווינערין, וואָס גייט אַזוי שווער צו קינד. זי

שרייט נישט, ווייל זי האָט געטריי נאָכגעפאָלגט די לערע פון געבורט אָן שמערצן; זי אָטעמט טיף ווייסנשאַפטלעך, זי קאָן אָבער דאָס קינד נישט ברענגען אויף דער וועלט, ביז די אַלטע דיכטערין וועט זי נישט פאַרלאָזן.

גאָר — אָט קומען אָן צוויי בלאָנדע מלאכים און שטעלן זיך אַוועק פוןביידע זייטן פון פלאַטערל; עס האָט גענומען ציטערן מיט אַלע זיינע גלידערלעך: „מען קומט נאָך מיר" — האָט עס פאַרשטאַנען. אמת, זיי נעמען עס אָן, יעדער אונטער אַ פליגעלע, און טוען זיך אַ לאָז דערמיט, שנעלער ווי אַ בליץ, אַראָפּ דורך די הימל־ספערן.

אַלע אַרום דעם וואָלקן האָבן אויפגעציטערט: „זי קומט, זי קומט! דאָס פלאַטערל איז שוין אַוועק! זי קומט!" — האָבן פריילעך זיך צעשריען אַלע גייסטער.

***

„עס דונערט", האָבן געטראַכט די אַלע, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום דער גוססדיקער דיכטערין — „דער הימל נעמט זי אויף מיט אַ וואָרע"...

— צוויי מלאכים מיט ווייסע פליגל זיינען שוין געשטאַנען ביי דער טיר...

— „עס דונערט" — האָט אויפגעציטערט דער געווינערינס מאַן — „דאָס קינד קומט מיט אַ שטורעם" — און טאַקע האָט די פרוי געטאָן דעם העכסטן קוויטש.

— דאָס הייסט געבורט אָן ווייען?" — האָט זיך געשראָקן דער מאַן.

— יאָ, דאָס קומט נישט אָן וויטיקן.

— „עס קומט, עס קומט!" — האָט מען זיך געפרייט אַרום דער געווינערין.

***

דאָס פלאַטערל מיט זיינע ביידע באַגלייטער קרייזן אַדורך די זיבן הימלען; פונקט אויף האַלב וועג דערזעען זיי אַ ווייסע טויב, וואָס ווערט געפירט פון צוויי מלאכים; זייערע פליגל, אומבאַוועגלעך, זיינען צעשפּרייט אין דער לופטן.

— „ס'איז די דיכטערין!" — האָט זיך דאָס פלאַטערל געטאָן אַ וואָרף. זיי האָבן זיך באַגעגנט. דעם פלאַטערלס הערצעלע איז שיער נישט אַרויסגעשפּרונגען פאַר פרייד; זיי האָבן זיך דערקענט — די טויב און דאָס פלאַטערל.

— „גיי!" האָט די טויב (די געוועזענע דיכטערין) געזאָגט צום פלאַ־טערל — „דו וועסט לעבן אויף מיין אָרט." — זי האָט מיטן שנעבעלע אַ קוש געטאָן דאָס ברעקעלע באַשעפעניש און אויסגעזונגען צוויי שורות:

„זינג, פלאַטערל, זינג!
זאָל דאָס לעבן דיר זײַן גרינג!...״

דאָס פלאַטערל האָט צאַפּלענדיק געענטפערט:

„— זע, מען גייט אונדז שוין צעשיידן!
זאָל דיר גרינג זײַן דער גן־עדן!״ —

די צוויי בלאָנדע מלאכים האָבן אַ כאַפּ געטאָן דאָס פלאַטערל און אַראָפּ מיט דעם צו דער ערד, זיי האָבן זיך זייער געאײַלט, כאָטש זיי זײַנען געפלויגן פיל שנעלער פון מאַך־2, האָבן זיי קיין אויגנבליק צייט נישט געוואָלט פאַרלירן.

דאָס זעלבע האָבן געטאָן די צוויי ווייסע מלאכים, געטראָגן, ממש, אויף זייערע פליגלען דאָס טייבעלע.

— „זי קומט, זי קומט!״ — האָט ווידער געדונערט אַרום דעם וואָלקן־טישטעך, יעדער האָט געוואָלט זײַן דער ערשטער אָנצוקוקן די נײַ־אָנגעקומענע. עס האָבן זיך דערהערט די פיר באַרימטע נאָטן: — „טאַ־טאַ־טאַ־טאַ־אַ־אַ־אַ!״ — און אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס קומט בעטהאָווען באַגריסן די נײַע מיטגלידערין פון דער קולטור־קאָלעגיע.

דער פאָרזיצער — אַ גרויסער יידישער פּאָעט (איר קאָנט אייך פאָרשטעלן ווער איר ווילט) האָט אויסגעשטרעקט זײַנע ביידע זיל־בערנע פליגל צום טייבעלע און אויסגעזונגען: —

— זיי באַגריסט, אָ, ווייסע טויב
שפּעטערדיקע דורות, כ׳גלויב,
וועלן זינגען דיר אַ לויב! —
זיי באַגריסט, אָ, ווייסע טויב! —

ווען איך ציטיר פאַר אייך אָט־די פיר שורות, וויל איך אין אַ קורצער, קאָנצענטרירטער פאָרעם איבערגעבן די אומענדלעכע, געגראַמטע רעדע פון פאָרזיצער.

— „איך גיב דאָס וואָרט מענדעלען!״ — האָט ער צום סוף פייער־לעך אויסגערופן.

איך האָב אייך נישט געזאָגט אַז פיל הויכע פּערזענלעכקייטן זײַנען אין דער צייט צוגעקומען צום עולם אַרום דעם וואָלקן. נעבן פאָרזיצער זײַנען געזעסן: מענדעלע מוכר ספרים, י. ל. פּרץ און שלום־עליכם. מענ־דעלע האָט זיך אויפגעהויבן, אויסגעשטרעקט זײַנע פליגל־הענט צום טייבעלע, עס צוגעצויגן צו זיין שויס, און מיט ליבשאַפט געזאָגט:

— „טײַערע פאַרזאַמלטע, ווי גליקלעך איך בין, וואָס איר זייט אַלע געקומען אויפנעמען מיט כבוד און פרייד אונדזער באַליבטן גאַסט. און ווי האָט עס דען געקאָנט אַנדערש זיין? מיין האַרץ איז אַזוי פול מיט

עמאַציע, אַזוי פול אויך מיט שטאָלץ, וואָס צו אונדז איז צוגעקומען אַזאַ גרויסע שרייבערין, דיכטערין, קינסטלערין פון וואָרט! איך קאָן מיט זיכערקייט זאָגן — זי וועט אויף אייביק פאַרבלייבן צווישן אונדז, ווי דאָס שענסטע צירונג פון אונדזער קאָלעגיע".

דאָס טייבעלע האָט זיך צוגעהערט מיט חידוש, צוגעטוליעט צו מענדעלעס דורכזיכטיקן אַקסל.

נאָך דעם ווי אַלע האָבן געפּאַטשט מיט די פליגל, האָט דאָס וואָרט באַקומען י. ל. פּרץ, וועלכער האָט זיין רעדע רעזומירט אַזוי:

— אָ, טייבעלע, דו ביסט מיר טייער,
דו האָסט געבראַכט אַ טרייסט מיין פאָלק אין סאַמע פייער
פון זיין צעבושעוועטער עקסיסטענץ.
מיט דיינע לידער האָסט דו אונדז פאַרבונדן
און מיט דיין ריטעם אָנגעצונדן
דעם גלוסט צו ליבע, צו אַ נייער, פריילעכער קאַדענץ!...

די דיכטערין האָט נישט געגלייבט אירע אויערן.

— „איך גיב דאָס וואָרט שלום-עליכמען!" — האָט אויסגערופן דער פאָרזיצער.

שלום-עליכם האָט אָנגעהויבן זיין רעדע מיט אַ שמייכל, זיין קול האָט זיך אָבער איבערגעגאָסן מיט קרישטאָלענע טרערן: — „יאָ — האָט ער געזאָגט — נישט אומזיסט איז זי צו אונדז געקומען אין אַ פאָרעם פון אַ ווייסער טויב! איז עס דען נישט דער סימבאָל פון זויבערקייט און צאַרטקייט, פון צניעות און רואיקייט, פון שלום און ליבשאַפט? פון קינדערישער נאַאיווקייט אויך... איך מיין אַז פיל גרויסע פּאָעטן זיינען דורך זייערע מיטלעבער אָפט מאָל באַשולדיקט אין דעם דאָזיקן חטא, באַשולדיקט פאַר זייער גלויבן מיט אַלע כוחות אין גוטסקייט און שיינקייט... און אויך אין נביאות... יאָ, נביאות. זיי אַליין, די גרויסע פּאָעטן, ווייסן נישט פון זייער גרייס; זיי ווייסן אַז זייער ווערק איז גוט און שיין, נאָר זיי רייסן זיך נישט צו פאַרכאַפּן די ערשטע רייען. נאָך וואָס? דער עיקר איז דאָך דאָס ווערק, דאָס ליד, דאָס זינגען. דורך דעם ווערק ווערט די ערד געאייניקט מיט דער אמתער וועלט; ווו אַלע אמתע ווערטן ווערן אָפּגעשאַצט, באמת אָפּגעשאַצט. די שפּיל באַדאַרף אויך צו זיין פריילעך — זאָלן די פאָרזאָרגטע, פאַריאָגטע מענטשן קאָנען אַ לאַך טאָן, זאָלן זיי דורך זייער געלעכטער אויף אַ רגע זיך דערנענטערן צו דער געטלעכער רואיקייט. ווייל צו דער דיכטערין, וועמענס לידער זיינען אָנגעפילט מיט אָט דער לאַכנדיקער זאָרגלאָזיקייט!... נאָר אויך טרערן זיינען פאַראַן אין איר ליד — טיפע, האָפענונגסלאָזע, פאַרצויגענע מיט גרויע וואָלקנס, לידער, וואָס

איניקע קריטיקער באַצייכענען ווי פּעסימיסטישע; אָבער אין אמתן זיינען זיי פשוט אָנגעפּילט מיט טרויער נאָך דער פאַרלוירענער פרײלעכקייט, נאָכן נישט געלאַכטן געלעכטער, וואָלט איך געזאָגט; ווייל ווען די מענטשן וואָלטן געווען געלאַכט, וואָלטן זיי דאָך געווען גליקלעך: דעריבער באַוויינט די דיכטערין דאָס פאַרלוירן־געגאַנגענע גליק. די מיטלעבער האָבן איר פאָרגעוואָרפן: „פאַר וואָס קלינגסטו נישט אין אַלע דיינע דיכטערישע גלעקער? פאַר וואָס וועקסטו נישט די מענטשן צום קאַמף? פאַר וואָס זייגען דיינע ווערטער נישט ווי מעסערס, ווי פיילן, געצילטע אין שונא?!" — אין זייער קורצזיכטיקייט האָבן זיי גענומען די ווייסע טויב פון שלום פאַר אַ רויב־פויגל און געפאָדערט פון איר ווערק, וואָס רופן צו קריג און בלוט! גלייך ווי ס'גיסט זיך נאָך ווייניק בלוט אויף דער וועלט?! עס איז גוט, אומענדלעך גוט, וואָס מיר דאָ, פאַרמאָגן די ריכטיקע מאָס, און קאָנען אָפּשאַצן לויט זיין ריכטיקער ווערט אין ברייטן, אין אייביקן זין פון וואָרט, אַ ליטעראַריש ווערק, און, וואָס פיל שווערער, אַ פּאָעמע. צי איז דען נישט דיכטונג די בעסטע, די העכסטע פאָרעם פון קונסט? צי קאָן מען נישט מיט איר אויסדריקן, ווייזן, איבערגעבן אַלע קונסטן? צי איז דען אַ גוטע פּאָעמע נישט קיין מוזיק? קיין פּלאַסטישער טאַנץ? צי מאָלט זי דען נישט מיט אירע ווערטער ווי דער מאָלער מיט זיינע פאַרבן? יאָ, מיר קאָנען זאָגן, צו אונדז איז געקומען אַ גרונט־לייגערין, אַ דיכטערישע איינציקייט אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס וועט זיך אַריינגיסן אין מעכטיקן טייך פון אירע פאָרגייער, זינט דורות. זי איז דער דימענט אינעם גאָלדענעם רינג פון אמתע פּאָעטן!".

(איך האָב אין גאַנצן פאַרגעסן צו זאָגן, אַז די אַלע רעדעס און רייד האָבן זיך געפירט אין טעלעפּאַטיע־לשון, צו וועלכן אַלע אויף דער אמתער וועלט ווערן שנעל צוגעוווינט).

— אַ דאַנק דער טעלעפּאַטיע — האָט ווייטער גערעדט שלום־עליכם
— קאָנען מיר אַלע דאָ פאַרשטיין, מיר, אָנוועזנדיקע פון אַלע לענדער, אַלע וועלטן; ס'איז אמת... — נאָר דאָ האָט ער זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט און אַ טראַכט געטאָן: — ווער פאַרשטייט דען וועמען?... — באַלד האָט ער פאַרענדיקט: — איך וויל באַגריסן די דיכטערין־טויב, דריקנדיק זי צו מיין האַרצן, ווי עס גלוסטן צו טאָן, כ'בין זיכער, אַלע וואָס זייגען דאָ מיט אונדז".

אַלע האָבן ווירקלעך געהאַט דעם באַגער, און די באַגייסטערטע גייסטער האָבן באַדאַנקט שלום־עליכמען פאַר זיין רעדע מיט אַ לאַנגן הייסן פּליגל־פּאַטשעריי, וואָרפנדיק איינצייטיק בליקן אויף די אַלע גוטע און שיינע זאַכן, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר זיי. ווער ווייסט? אפשר איז עס געווען זייער אופן צו געניסן? נאָר דער פאָרזיצער האָט אויסגערופן:

— „דאָס וואָרט האָט שלום אַש!"

שלום אַש האָט מיט אַ וואַגיקן בליק אַרומגענומען דעם גאַנצן וואָלקן, און קלאָר געזאָגט:

— איך וויל באַגריסן די דיכטערין, נישט נאָר ווייל איר ווערק איז פול מיט צויבער, פול מיט טרויער, אָדער שפּרודלדיק פון פרייד און געלעכטער, נאָר אויך ווייל זי האָט געלעבט און געשאַפן מיט און פאַר איר דור. דאָס איז דאָך דער הייליקער חוב פון יעדן שרייבער — זיין עדות פון זיין צייט. ווי לייכט וואָלט געווען פאַר היסטאָריקער צו גיין, טריט נאָך טריט, די שטיגן וואָס פירן צום אַמאָל. זיי וואָלטן פאַרשפּאָרט צו ראַמאַנסירן די געשיכטע.

די דיכטערין האָט עס געטאָן מיט גוטסקייט, לייכטקייט, מיט ליידנשאַפט. דאָס איז געווען איר אופן צו זען די וועלט, דאָס לעבן און, ווי אין אַ רואיקן טייך, אָפּצושפּיגלען אַלץ אין איר ליד; און איר ליד קאָן, אויך ווי אַ טייך, זיך צעבושעווען און זיך צעגיסן ביז צו האָריזאָנטן, אַרומנעמען די וועלט".

נאָך אַ קורצער פּויזע, האָט שלום אַש פאַרגעזעצט:

— „איצט איז די דיכטערין־פּלאַטערל אַראָפּ צו דער ערד נאָכצופאָלגן איר פאַרגייערין; זיכער וועט זי דאָס טאָן אין סטיל פון איר צייט, אָבער, דער עיקר — די נשמה פון ווערק וועט בלייבן; זי וועט פאַרלענגערן, ווידער אויפלעבן דאָס לעבן און ווערק פון דער דיכטערין־טויב".

אַרום איז געוואָרן שטיל; אַ ווינטל פון טריבקייט האָט אַרומגענומען דעם וואָלקן. נאָר דער פאָרזיצער האָט זיך צוגעאיילט אויסצורופן: — „איצט גיב איך דאָס וואָרט אונדזער נייער מיטגלידערין — דער דיכטערין־טויב".

די דיכטערין, וואָס האָט, לייכט פאַרחלומט, זיך צוגעהערט צו שלום אַשס רייד, האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט, פאַרשטייט זיך, געוווּסט אַז זי וועט מוזן ענטפערן און דאַנקען די אַלע, אָבער דאָך... און זי איז אויך נאָך נישט געווען געוווינט צו טעלעפּאַטיע. דעריבער איז אַ קורצע פּויזע אַוועק ביז מען האָט געקאָנט אויפנעמען איר שעמעוודיק קול, וואָס איז, אין דער מאָס וואָס עס האָט זיך אַנטוויקלט איר געדאַנק, געוואָרן אַלץ שטאַרקער און פעסטער.

— „מיינע טייערע, אמתע פריינד, איך זאָג — אמתע, ווייל מיר זיינען דאָ אַלע אויף דער אמתער וועלט. איך האָב אָפט געצווייפלט אין די אַלע לויבגעזאַנגען, וואָס כ'האָב געהערט אויף דער ערד — סיי פאַר מיר, סיי פאַר אַנדערע. און האָבן זיי דען געקאָנט זאָגן דעם אמת? צי קאָנען זיי דען עפנטלעך אַרויסזאָגן זייער מיינונג? און איז דען זייער מיינונג אָפט מאָל נישט קיין פאַלשע? דאָ, אויף דער אמתער וועלט, איז אַלץ ריכטיק, אַלץ אויף זיין פון פריער פאַרויסגעזעענעם אָרט. דעריבער בין

איך איצט גליקלעך. גליקלעך דערפֿאַר, וואָס איך האָב זיך נישט אָפּגענאַרט אין זיך אַליין, נישט איבערגעשאַצט מײַנע פֿעאיקייטן. איין זאַך האָב איך נישט געוווסט — אַז מען דאַרף זײַן טויט, כּדי אָט די זיכערקייט צו דערגרייכן. יאָ, איך בין גליקלעך, וואָס כ׳געפֿין זיך אין אײַער קאָלעגיע, ווי איר רופֿט דאָס אָן, גליקלעך צו זײַן צוזאַמען מיט אײַך, צווישן אַלע פּראָמינענטע פֿאָרשטייערס פֿון פּאָעזיע און קונסט. סאַראַ צויבער איז עס געווען צו הערן די גוטע ווערטער פֿון מענדעלען, פּרצן און שלום־עליכמען; זיי זײַנען אַ טרייסט פֿאַר מײַן נשמה און, איך אויך. וועל זאָגן דעם אמת — שלום־עליכם האָט צום בעסטן פֿאַרשטאַנען און אַרויסגעבראַכט מײַנע געפֿילן און כּוונות. אויך שלום אַש האָט געוווסט אונטערצושטרײַכן דאָס, וואָס איך האָב בײַ מײַן לעבן געוואָלט נאָכפֿאָלגן — זײַן היינטצײַטיק, נישט גיין צוריק צום אַמאָליקן, באַליבטן שטעטל — מען האָט שוין אַזוי־פֿיל געשריבן וועגן דעם אַלעמען — כ׳האָב ליב געהאַט מײַן דור, און געשריבן פֿאַר אים, וועגן אים. ס׳איז גוט וואָס אידייען שטאַרבן נישט מיט אונדז צוזאַמען; אַזוי וועט דאָס פֿלאַטערל גיין אויף דעם זעלבן וועג — אַן, זיכער, העכער, ווייטער אין דער צוקונפֿט!״

די דיכטערין האָט געוואָרפֿן אַ פֿאָרשנדיקן בליק אַרום זיך.

— „איך זע דאָ פֿיל פּאָעטן און שרײַבער פֿון אַלע שפּראַכן — איך דאַנק זיי פֿאַרן קומען מיך באַגעגענען. איך דאַנק זיי אויך פֿאַרן גרויסן פֿאַרגעניגן וואָס כ׳האָב געהאַט לייענענדיק זייערע ווערק, זייערע וווּנדערווערק״.

עס איז געווען אַ שווערע אויפֿגאַבע אויסצורעכענען די אַלע דיכטערס און שרײַבערס, וואָס זי האָט בײַם לעבן געלייענט און ליב געהאַט. אמת, דאָ איז די צײַט נישט געווען באַגרענעצט, קיינע זייגערס — האָט זי פֿאַמעלעך גענומען דערציילן פֿאַר וואָס זי האָט געהאַלטן פֿון דעם אָדער יענעם פּאָעט; זיי זײַנען כּמעט אַלע געווען אָנוועזנד, און האָבן זי נאָך מער געשעצט פֿאַר איר דעליקאַטער פֿאַרשטענדעניש.

אַזוי זײַנען אויסגערעכנט אַזעלכע נעמען ווי טאָלסטוי, טשעכאָוו, גאָרקי, מאַיאַקאָווסקי, יעסענין, פּושקין, לערמאָנטאָוו; די לעצטע האָט זי באַזונדערס באַגריסט:

— „איר האָט אַזוי ווייניק געלעבט און אַזוי פֿיל שיינקייט געשענקט דער וועלט.״ — ווערלען, אַפּאָלינער, באָדלער, עלואַר, געטע, היינע, טאַגאָר, לאָרקאַ און נאָך און נאָך... זי האָט זיך אויך געוואָנדן צו פּרץ מאַרקישן, לייב קוויטקאָ, מיכאָעלסן און פֿיל אַנדערע, און געזאָגט:

— „איר אַלע אומשולדיק באַשטראָפֿטע, אַזוי פֿרי אַוועקגעריסענע פֿונעם לעבן, וויפֿל וואָלט איר נאָך געקאָנט אויפֿטאָן! יאָ, כ׳בין גליקלעך צו זײַן צווישן אײַך; ווײַל ס׳ווילט זיך מיר אויסדריקן מיט אַ פּאָעמע, אַ ליד. איך בעט אײַך נישט צו פֿיל שטרענג צו זײַן צו מײַן אימפּראָוויזאַציע:

אַך, ווי אַזוי וואָלט איך באַדאַנקט אייך אַלע
אין די מקומות די אַסטראַלע?
מיט פּלאַסטיש־עלעגאַנטע זשעסטן,
צי מיטן וואָרט דעם בעסטן?
ווו נעמט מען עס, דאָס בעסטע וואָרט?
צי זאָל איך צערטלען אייך מיט אַן אַקאָרד?
צי שפּילן ווי בעטהאָווען אויף לבנה־שטראַלן,
צי זינגען אייך אוראַלטע מאַדריגאַלן?
צי פונעם מילכוועג אויפן הימלישן קופּאָל
די שטערנדלעך פון פרייד פאַר אייך צעשיטן כ׳זאָל?
מיין פרייד איז ווי דער דורכזיכט פונעם רעגן־בויגן,
מיין דאַנקבאַרקייט... איך וואָלט פאַר אייך די קני געבויגן,
נאָר כ׳בין אַ טויב... איך האָב קיין קני...
כ׳האָב פליגלען, און איך פלי, איך פלי...
איך קני פאַר אייך מיט מיין געזאַנג,
איך זינג פאַר אייך מיין טיפן דאַנק!״

**דאַן האָט זי גערעדט צו די נאָך נישט געבוירענע:**

„פאַר אייך, אָ, צוקונפטיקע דיכטער,
איך וועל נישט צירן מיינע רייד,
קיין גראַמען כ׳וועל נישט זוכן,
איר דאַרפט זיי נישט, איך ווייס.
און אַנדערש זעט איר אויך דעם כישוף פון קאַיאָרן,
דער עיקר איז די ווערטער־שפּיל
און וואָס פאַרפלאָנטערט מער — איז בעסער
נאָר מיינט נישט, אַז איך לאַך פון אייך,
איך האָב אַליין געפּרוווט, אָ, וויפיל מאָל!...
נאָר שטענדיק האָט עס מיך געצויגן צוריק צום ריטעם,
צו די גראַמען.
ווי דימענטלעך זיי גלאַנצן דאָ און דאָרט,
זיי שפּילן זיך מיט דעם, וואָס לייענט,
און ביז צום סוף כ׳האָב זיך געפרעגט:
צי מוז אַ דיכטער זיין אַ פּירער... זען פאָרויס?
צי דאַרף ער שמייכלען, טרייסטן, וויגן?
**איר** וועט עס אפשר ווסן... גייט צו ד׳ר׳ערד
און זאָל דער העקסאַגאָן און דער זיגזאַג
פאַרנעמען ס׳פּלאַץ פון צאַרטע, סאַמעטענע רויזן,
גייט, זייט באַליבט, געבענטשט, און לעבן זאָל די צוקונפט!!!״

**
*

דער גאַנצער וואָלקן האָט זיך אַ שאָקל געטאָן פון פליגל־פּאַטשעריי. אַלע גייסטער האָבן זיך געלאָזט ווילגיין; מען האָט אַרויסגעזאָגט מיינונגען און אין דער זעלבער צייט געצופּט פון די גוטע זאַכן, געשלעפּט די בילדער, די מאָלבערטן. אייניקע גייסטער, מער פרויען, זיינען געווען גערירט ביז טרערן (לאַנג, שוין לאַנג האָבן זיי נישט געוויינט) און געלאָזט זיי רינען פריי.

— דאָס שלעכטע וועטער, די רעגנס וועלן דויערן זייער לאַנג — האָבן אָנגעזאָגט די מעטעאָראָלאָגן — און וואָס איז דאָס חידוש? די קאָלעגיע פונעם וואָלקן האָט צוגעגרייט אַ זייער היפּשן פּראָגראַם. עס האָבן אָנטייל גענומען אַלע גרעסטע אַרטיסטישע, דראַמע־און מוזיק־כוחות פון אַלע צייטן. אַזוי האָבן רעציטירט דער דיכטערינס לידער און געשפּילט אירע בינע־ווערק — מיכאָעלס, מאַרעווסקי, אסתר רחל קאַמינסקאַ, ראַשעל, סאַראַ בערנאַר און פיל, פיל אַנדערע באַרימטע וועדעטן פון די לעצטע יאָרהונדערטער. אַ דאַנק דער טעלעפּאַטיע, האָט מען פאַרשטאַנען אַלע שפּראַכן. אַרום דעם וואָלקן איז געווען אַזוי שטיל, ווי אין אַ קבר.

בשעת די אומענדלעכע אַרויסטרעטונגען וואָלט דאָס וועטער אויף דער ערד זיך זיכער פאַרבעסערט ווען נישט די פליגל־פּאַטשערייען, צו באַדאַנקען די אַרטיסטן. מען האָט זיך צוגעהערט צו דעם, אָדער יענעם, אַזוי באַקאַנטן, אַזוי באַליבטן קול, צו די אַמאָליקע, אויף דער ערד שוין פאַרגעסענע, דיכטערס, קינסטלערס, מען האָט געמאַכט פאַרגלייכן צווישן אינטערפּרעטאַציעס פון פיל דורות אַרטיסטן, וואָס האָבן מיט זייער טאַלאַנט נאָך בעסער אונטערגעשטראָכן דער דיכטערינס פּאָעזיע.

אומענדלעך, ווי אַלץ אויף דער אמתער וועלט, האָט זיך געצויגן דער באַנקעט. „סאַראַ הימלישע מוזיק", האָבן אַלע געטראַכט, צוהערנדיק זיך צו מאָצאַרטס רעקוויעם, צו שאָפּענס טרויערמאַרש... אַלע האָבן אויף אַ מינוט באַדויערט דאָס לעבן, זיך פאַרבענקט נאָך דער ערד; דער וואָלקן האָט אָנגעוווירן זיינע ראָזע פאַרבן. גוט וואָס אַ כאָר פון מלאכים האָט גענומען אויספירן דעם פינאַל פון בעטהאָווענס 9-טער סימפאָניע. אַלע גייסטער האָבן זיי באַדאַנקט מיט אַזאַ שטורעם אַפּלאָדיסמענטן, אַז דער פאַרטונקלטער וואָלקן האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און גענומען לאַנגזאַם שווימען, אַוועקשווימען מיטן ווינט, ווי אַ שיף, און ווי אויף אַ שיף, האָבן זיך די גייסטער געהוידלט, אַראָפּקוקנדיק צו דער ערד. אַ גרויסע בענקשאַפט האָט זיי אַלעמען אַרומגענומען, באַזונדערס די דיכטערין־טויב, וואָס איז ערשט נישט לאַנג אַוועקגעריסן געוואָרן פונעם לעבן. מיט אַ נאָגנדיקער נאָסטאַלגיע האָט זי געקוקט אויף די דורכלויפנדיקע פייזאַזשן — ימים, אינדזלען, מדבריות. מיט איר אינסטינקט, מיט איר דיכטערישן פלואיד, וואָס שפּרייזט אַריבער אָקעאַנען, דרינגט אַדורך האָריזאָנטן, האָט זי דערשפּירט, געטראָפן וווהין זי דאַרף אָנווענדן אירע בליקן, און פּלוצלינג האָט זי אויסגעשריגן:

— „זעט נאָר ווו מיר זיינען!"

פּאַר אַלעמענס בליקן האָט זיך באַוויזן אַ קליין לאַנד, מיט שפּוגל־נייע שטעט און שטעטלעך, מיט נייע וועגן, מיט נייע ביימער, וועלדער, פעלדער, מיט נייע יידן, וואָס האָבן דאָס אַלץ אויפגעבויט, און אפילו די אַלטע שפּראַך זייערע איז געוואָרן ניי — „ישראל!" — האָבן אַלע יידישע נשמות אויסגעשריגן.

***

דאָס קליינע הויז איז געשטאַנען אין אַ גאָרטן, נעבן אַ פריי פעלד. פון דער וויטנס האָט אַ באַרג פאַרשטעלט אַ האַלבן האָריזאָנט; דער וואָלקן אָבער איז געשוווּמען העכער, און די גייסטער האָבן נישט געקאָנט זיך אָפּרייסן פון דעם דאָזיקן בילד.

***

דעם קינדס מאַמע האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזאָגט צו איר מאַן, וואָס איז געשטאַנען ביים בעטעלע:

— זע נאָר דעם וואָלקן. ער פאַרדעקט אַ האַלבן הימל!

— קום בעסער אַהער, גיכער! — האָט דער מאַן זי גערופן — גיכער!

דאָס קינד איז געלעגן אויפן פּלייצעלע. פלוצלינג האָט עס געעפנט די בלויע אייגעלעך און, קוקנדיק צום פענצטער, זיך צעשמייכלט.

— „זי שמייכלט! דאָס ערשטע שמייכעלע!!!" — האָבן מאַן און פרוי אויסגעשריגן צוזאַמען.

— אפשר האָט זי דערזען אַ מלאך?... — האָט די גליקלעכע מאַמע אַ קוש געטאָן דאָס קינד, און ס׳איז געווען גלייך ווי אַ קליין פלאַטערל וואָלט אַדורכגעפלויגן און געפאָכעט מיט די ווייסע פליגעלעך...

דער וואָלקן איז שוין געווען ווייט.

# אינהאַלט

## חורבן



## בילדער

## פּאָעמעס און פאַנטאַזמען

## קורצע פּאָעמעס און עפּיגראַמען

## הומאָר



## לידער פאַר קינדער
## וואָס קענען — נ אָ ך נ י ש ט — קיין יידיש



## עפּילאָג

TANIA ZISMAN

# POÈMES

Illustrations de A. Muszka

Couverture de David Garfinkiel

PARIS, 1977

